# די שאָלעם־אלייכעם־גאס

## ערשטער קאַפּיטל

### 1

אין אַפּלעניש און שרעק זײַנען די דײַטשן אַנטלאָפֿן פֿון דער שטאָט.

אַף דער שאָלעם־אַלײכעם־גאַס זײַנען גאַנץ געבליבן געציילטע הײַזער.

פֿון אוזבעקיסטאַן, קאַזאַכסטאַן, אוראַל און אַלטײַ זײַנען צוריק־געקומען עוואַקוירטע. שפּעטער האָט מען שוין אין אייניקע ערטער אַף דער זעלבער שאָלעם־אַלײכעם־גאַס געקענט זען געהילצ, זאַמד, ציגל — די גאַס גרייט זיך בויען.

אין איינעם אַ זומערדיקן זונטיק אינדערפֿרי זײַנען אַפֿן פֿרישן גע־הילץ געזעסן צוויי מיידלעך און געפֿירט צווישן זיך אַ שמועס. ניט ווײַט פֿון די מיידלעך איז געשטאַנען אַ בוים — דער איין־איינצי־קער פֿאַרבליבענער אַף דער גאַס. זײַן שטאַם איז געווען פֿאַרבײַכערט, די צווײַגן — אָפּגעברענט, נאָר אַף איינצלנע פֿון זיי האָבן זיך באַ־וויזן גרינע בלעטער. פֿונווײַטן האָט זיך אַרויסגעוויזן דער אַנגעפּאַ־לענער קוימען פֿון דער עלעקטראָ־סטאַנציע, אַ גאַנץ־געבליבענע וואַנט, אַף וועלכער עס איז געהאַנגען אַ גרויסער זייגער מיט אַ צעקנייטשטן ציפֿערבלאַט און מיט אייגן ווײַזער. אַמאָל האָט די גאַנצע שאָלעם־אַלײכעם־גאַס לויט דעם דאָזיקן זייגער געוווּסט די צײַט. הײַנט קוקט מען אַפֿן זייגער נאָר פֿון געוווינהײַטוועגן. דער איינציקער ווײַזער, וואָס איז געבליבן שטיין אַפֿן זעקס, ווייסט שוין לאַנג אַלײן ניט, ווו ער האַלט אין דער וועלט.

ביידע מיידלעך זײַנען באַוואָרטעס, פאַרטרויען איינע די אַנדערע זייערע געפילן און געדאַנקען.

איינע הייסט עסטער, זי איז אַלט איין און צוואַנציק אָדער צוויי און צוואַנציק יאָר, האָט לאַנגע צעפּ און קאַרע אויגן, איז אַ שטאַלטנע און אַ שטאָלצע. עסטער האָט אַ סך דורכגעלעבט אין די יאָרן פון דער מילכאָמע. זי איז געווען אין געטאָ, דערנאָך אַנט-לאָפן און מיט איר באָבען זיך אויסבאַהאַלטן אין אַ דאָרף. זי רעדט שטילער, ווי זי קען, שטילער, ווי זי וויל.

די צווייטע הייסט ליבע. דאָס איז אַ בלאָנד און פול מיידל פון אַ יאָר נײַנצן. מיט איר זיידן דעם מוליער איז זי געווען בײַ פּאַרטי-זאַנער. זי האָט פאַר די יאָרן מילכאָמע אויך אַ סך געזען און אי-בערגעלעבט. איר פּאָנעם זעט אויס מיידלש-נאַיוו, אפילו קינדעריש. אַז מע דערזעט זי, איז דער ערשטער אײַנדרוק — ערשט געבכט איז זי אַוועק פון אונטער דער מאַמעס פאַרטעך.

ביידע מיידלעך זיצן אַף די קלעצער און שמועסן.

— ניין. איך וואַרט אַף קיינעם ניט. צו מיר קאָן שוין קיינער ניט קומען, — זאָגט עסטער.

— און איך וואַרט, — שלאָגט זי איבער ליבע.

עסטער שווײַגט אַ ווײַלע און זאָגט דערנאָך מיט ניט קיין גוט שמייכעלע:

— ביסט אַ נאַרישע, וואַרטסטו. אַף וועמען וואַרטסטו, ווער וועט קומען?

— די מילכאָמע האָט זיך געענדיקט, וועט מען קומען צוריק אַהיים.

— די מילכאָמע האָט זיך געענדיקט, און קיינער קומט ניט! — האָט קימאַט ווי אויסגעשריִען עסטער. — דער אָפּגעברענטער בוים האָט בלעטער, און מיר האָבן קיינעם ניט.

— ווי קאָן עס קיינער ניט קומען? — האָט ליבע געזאָגט צו עסטערן, ווי מיט געבעט, — ווי קאָן עס קיינער ניט קומען, אַז איך... אַז איך האָב נאָך קיינעם ניט ליב געהאַט...

— קיינמאָל ניט? — האָט עסטער געפרעגט מיט מיטגעפיל, קימאַט מיט ראַכמאָנעס, — קיינמאָל ניט?

— קיינמאָל ניט. און דו?

— איין מאָל. — האָט געענטפערט עסטער.

— שוין לאנג?

— מיט פינף יאָר צוריק... און ביז... הײַנט...

— ביז הײַנט? — האָט ליבע פארווונדערט איבערגעפרעגט.

— ביז מאָרגן, ביז איבעראיאָר, ביז אייביק.

— און זאָגסט, דו ווארטסט ניט! — ליבע האָט זיך אופגע־שטעלט. — ווען איך האָב ליב, וואָלט איך אף יענעם אלע טאָג גע־ווארט, יעדע שאָ, יעדע מינוט וואָלט איך אים גרייט געווען באגע־גענען. און דו? האָסט אים שטארק ליב געהאט?

— שטארק!

— און ווארטסט ניט?

— ניין.

— איך פארשטיי, — ליבע האָט זיך ווידער געזעצט און גע־זאָגט שטיל, ווי פאר זיך. — איך פארשטיי... ער האָט דיך ניט ליב געהאט...

— וואָס?! ניט ליב געהאט? ביסט א נארישע, א נארישע! — זי האָט זיך ניט געקאָנט באַרויִקן. איר בליק איז געוואָרן שטרענג. איר פּאָנעם האָט זיך ווי געעלטערט. זי האָט געקוקט צום זייגער מיטן איינציקן ווײַזער. — ער איז מיר נאָכגעגאנגען פוסטריט און אלץ געבאזוערט: „מײַן איינציקע...”

— ווארטסטו ניט?

— ניין. — דערנאָך האָט עסטער געזאָגט, ווי ניט ווילנדיק און עפּעס ווי אָן געפיל. — איך ווארט ניט. ער וועט ניט קומען. ער לעבט מער ניט.

— אומגעקומען! אלע זײַנען אומגעקומען. וועט טאקע ניט קומען קיינער? די מילכאָמע האָט זיך געענדיקט, דער הימל איז א רויִקער, דער פארברענטער בוים האָט בלעטער, און קיינער קומט ניט. איך בין א נארישע, א נאר. שוין אזויפיל געזען און פארשטיי נאָך אלץ גאָרניט. איך האָב נאָך קיינמאָל ניט ליב געהאט, כוץ...

— כוץ? — האָט עסטער זי טייקעף א פרעג געטאָן.

— כוץ איין מאָל.

— פון פאר פינפיאָרן ביז אייביק... — האָט מיט א ביטערן שפּאָס געזאָגט עסטער.

— ניין, ס'איז געווען ניט מער ווי א פּאַפּירל, — האָט זייער רויִק געענטפערט ליבע.

— א פּאַפּירל?

— יאָ. א פּאַפּירל. געדענקסט עסטערקען פון ראַג שאָלעם־אליינעמס? האָט מיך איינער געבעטן איר איבערגעבן א צעטעלע.

— נו, איז וואָס? — האָט מיט אומצופרידן געפרעגט עסטער, — איז וואָס?

— איך בין געווען א קליינע, האָב איך דאָס צעטעלע ניט איבערגעגעבן. מיר איז געווען געפעלן אזא ליבע. מיר האָט זיך געוואָלט, מע זאָל אזוי צו מיר שרייבן, האָב איך עס געלאָזט בא זיך.

איצט האָט שוין עסטער פארגעסן, אז מיט א רגע צוריק האָט זי ניט געגלייבט ליבען, איצט איז זי געווען פארכאפּט. זי האָט אָנגענומען ליבען פאר דער האנט און איר ארײַנגעקוקט גלײַך אין די אויגן:

— נו?

— דאָס איז אלץ. איך פלעג דאָס צעטעלע לייענען עטלעכע מאָל אין טאָג און זיך פאָרשטעלן, אז מע שרײַבט עס צו מיר.

— און ווער איז דער באָכער? — האָט עסטער נײַגעריק געפרעגט.

— ניט דעם באָכער האָב איך ליב געהאט, דאָס צעטעלע...

— אלציינס, — האָט זיך עסטער ווי דערמאָנט, — סײַווי איז אלץ אוועק. קיינער וועט ניט קומען.

ביידע האָבן געשוויגן.

איינע האָט מיטן שפּיץ שוך געשארט דעם זאמד ארום זיך, די אנדערע האָט געקליבן שטיינדלעך אין דער האנט. ביידן האָט זיך מער ניט געוואָלט ריידן.

— מיידלעך, וועגן וואָס כאָלעמט איר עס?

ביידע מיידלעך האָבן דערזען לעבן זיך מאשען.

די דאָרפישע קאָמיוגיספּקע מאשע, א טונקל־בלאָנדע, א דארע און א הויכע, מיט גוממוטיקע אויגן, וואָס זײַנען גרייט אלעמען גלייבן, מיט א גרויסן ליכטיקן שטערן, איז באוווסט אין דער שטאָט, באזונדערס אפ דער שאָלעם־אליינעם־גאס: בא איר אין שטוב האָבן זיך פון די דײַטשן געהאט אויסבאהאלטן עסטער מיט דער באָבען. אז זי קומט אין שטאָט, באגריסן זי אלע, מע טראָגט איר פאָרויס דעם גוטמאָרגן.

— מאשינקע, פונוואנען און וואָהין? — האָט געפרעגט עסטער.
— פונוואנען? פון דאָרף. צום צוג!
— צום צוג? — האָט איבערגעכאַזערט ליבע. — באַגעגענען?
זי האָט זיך שטאַרק דערפרייט און האָט אָנגעכאַפּט מאשעס פּאָרביידע הענט. א ווײַלע האָט געקלאַנגט דורכן, אז זי וויל מיט איר זיך לאָזן טאַנצן.
— גלאַט א באַקאַנטן צי א גוטן באַקאַנטן? — האָט ליבע אַלץ געוואָלט ווּסן.
— קען זײַן, א גוטן באַקאַנטן... — האָט ווי בעקיוונדיק געלאַסן געענטפערט מאשע.
— אהא! — האָט ליבע אויסגעשריִען, — זעסט, עסטער, מע קומט, באַקאַנטע קומען, גוטע באַקאַנטע קומען! און פונוואַנען קומט ער, מאשע?
— פון דער ארמיי. שוין דעם דריטן טאָג גיי איך באַגעגענען.
— עסטער, לאָמיר אויך גיין צום צוג! — האָט ליבע גע־בעטן. — קום, עסטער, מענטשן קומען, באַקאַנטע קומען.
— קומט, מיידלעך, קומט, — האָט מאשע זיך אָנגעכאַפּט.
נאָר עסטער האָט ניט געוואָלט גיין, זי האָט געפונען א טערעץ און איז געבליבן. מאשע מיט ליבען זײַנען אוועק צום צוג, און עסטער האָט לאַנגזאַם זיך געלאָזט גיין צוריק אַהיים, אין איינעם פון די גאַנץ־געבליבענע הײַזער אף דער שאָלעם־אַליייכעם־גאַס. עס־טער האָט ניט געגלייבט, אז עמעצער זאָל קומען, צו איר — גע־ווּיס ניט. זי האָט שוין לאַנג באַקומען א ידיעה — „העלדיש אומגע־קומען". זי גייט און טראַכט: זיי איז גוט, איינע האָט מאַזל, די צווייטע איז יונג און נאַריש.

2

דער זעלבער זומערדיקער אינדערפרי. מאשע מיט ליבען זײַנען אוועק צום צוג, עסטער — צו זיך אַהיים. עס עפנט זיך די טיר אין איינעם פון די געציילטע הײַזער, און עס קומט אַרויס יאַנקל ליפּ־שיץ, א מענטש פון א יאָר פופציק, א מיטלוווּקסיקער, מיט א טונקל קליין בערדל. ער גיט א קוק צו דער זון און טוט א פרעג בא זיך אליין:
— ניט פאַרשפּעטיקט?

און ווי ענטפּערנדיק זיך אליין, נעמט ער אײַלן איבער דער גאַס. ער באַוויַזט ניט מאַכן קיין צענדליק טריט, ווי אַנטקעגן קומט אים אָן אַ מיליטעריש־געקליידטער מענטש, אַ וווקסיקער, אַ שוואַר־צער, אַ יונגער, מיט לעבעדיקע אויגן. ער פרעגט:

— אַנטשולדיקט, באַוועג, איר וועט מיר ניט זאָגן, ווו איז די שאָלעם־אַליכעם־גאַס?

ליפּשיץ קוקט אים אָן מיט אַזאַ מינע, ווי עמעצער זאָל אים פרעגן, צי ער ווייסט, אַז מע רופט אים ליפּשיץ. ער פרעגט איבער:

— די שאָלעם־אַליכעם־גאַס?

— יאָ, — ענטפערט דער מיליטער־מאַן, — עפּעס קען איך ניט טרעפן. קיין סימען ניטאָ.

— אָבער אַן אָנדענק איז געבליבן, מענטש איינער. איר שטייט דאָך אויף דער שאָלעם־אַליכעם־גאַס. — און ליפּשיץ פרעגט מיט פאַרוווּנדערונג: — פונוואַנען קומט איר עס אָן?

— פון וואָקזאַל.

ליפּשיצעס אויסזען האָט זיך טײַקעף געענדערט.

— פון וואָקזאַל? — אין דער פראַגע, אין דער שטים, אין זײַן גאַנץ אויסזען איז געווען איין פאַרלאַנג — דער מענטש זאָל אָפּלייקענען, אַז ער קומט פון וואָקזאַל.

— פון צוג, — האָט רויק געענטפערט דער געקומענער.

ליפּשיץ האָט אים אַ כאַפּ געטאָן פאַר אַן אַרבל און אויסגע־שריען: — געקומען דער צוג? — דערנאָך האָט ער גענומען אײַלן פאָרויס, נאָר זיך באַלד אומגעקערט און ווידער געפרעגט: — טאַקע געקומען דער צוג? — איצט האָט ליפּשיץ דערפילט אַ מידקייט, זײַנע שטענדיקע גיכע באַוועגונגען האָבן פאַרלוירן זייער אימפּעט, אפילע זײַן קאָל איז געוואָרן שטילער:

— איר זײַט מיר ניט מאַזלדיק, יונגערמאַן, קיינמאָל ניט פאַר־שפּעטיקט, און הײַנט... איר'ט ניט געזען, עפּשער איז עמעצער גע־קומען און זיך נאָכגעפרעגט אויף יאַנקל ליפּשיצן?

— ניין, — האָט רויק און גלײַכגילטיק געענטפערט דער מי־ליטער־מאַן. ער האָט אָבער, אַפּאָנעם, גלײַך באַראָטע געהאַט אויף זײַן גלײַכגילטיקייט און געפרעגט מיט מיטגעפיל: — אויף וועמען וואַרט איר?

ליפּשיץ האָט טײַקעף גענומען ריידן. עס האָט געדוכט, אַז ער

איז צופֿרידן, וואָס מע פֿרעגט בא אים, ער האָט שוין לאַנג דערויף געוואַרט.

— א שיינע פֿראַגע — איך זאָל אים זאָגן, אַף וועמען א ייִד וואַרט... מענטש איינער, א זון קאָן קומען פֿון דער אַרמיי. עפּשער האָט זיך א טאָכטער געראַטעוועט בא די פּאַרטיזאַנער... און מאָ־מער, מאַלע וואָס סע מאַכט זיך — א קאָרעוו איז אַנטלאָפֿן פֿון דער געטאָ און וועט זיך קערן. זאָל זיין א פֿריינט, א באַקאַנטער, א גויעל, אַבי עמעצער זאָל קומען. א קלייניקייט זאָגן... איינער אַליין!

— איינער אַליין?

— קומט דער פּאַרטאָג, ווער איך אויף מענטש... עס יאָגט מיך. עפּשער וועט זיך עמעצער באַווייזן. די גאַס נעמט זיך בוזען. אָבער איינער אַליין, א קלייניקייט זאָגן. ווי בויט מען זיך? פֿאַר וועמען?

— און אַז קיינער וועט ניט קומען?

— עמעצער מוז קומען, מענטש איינער!

— און אַז עמעצער, וואָס מוז, וועט ניט קומען?

ליפּשיץ האָט ראַשיק אויסגעשפּרייטביידע הענט, ווי פֿליגל, און אויסגעשריִען:

— איז אויס! אַן אָפּגעבראָכן צווייגל! דאָס זאָג איך אייך, יאַנקל ליפּשיץ, א פּאָשעטער שניידער.

— איך ווייס, יאַנקל ליפּשיץ דער שניידער. איך געדענק אייך.

— איר געדענקט? ווער זייט איר דען?

— אייער שימענס א כאַווער. איך אייך פֿאַלק געדינט.

פֿון אומדערוואַרטקייט איז ליפּשיץ געבליבן שטיין א געפּלעפּ־טער. דערנאָך פֿאַר זיך אויסגעמורמלט: „שימען, שימען". ער האָט מיט א האַנט פֿאַרמאַכט דאָס פּנים. אַזוי א ווײַלע געשוויגן. נאָכ־דעם געזאָגט:

— אַט זייט איר דאָך געקומען. קומט מען, הייסט עס.

— איז ניט פֿאַראַן דער, וואָס וואַרט אַף מיר. געוויס ניט פֿאַ־ראַן! איך קום צו קיינעם ניט, צו אַלעמען.

— צו אַלעמען? — האָט איבערגעפֿרעגט ליפּשיץ, — ווי קומט מען עס צו אַלעמען? מענטש איינער, שימענס א כאַווער. איך אייך

פאָלק געדינט... איכ האָב אײַכ דער ערשטער באַגעגנט, איז עס עפּ־
שער מײַנ גליק. זײַט איר עפּשער געקומענ צו מיר?

אָנשטאָט אנ ענטפער האָט יענער געזאָגט:

— זעט נאָר, דער קוימענ פונ דער עלעקטראָסטאַנציע! צו דעם
אײַנגעפאַלענעמ קוימענ קום איכ.

ליפּשיצ איז מיטאַמאָל שטײנ געבליבנ. אינ זײַנ פאַרגליװערטקײַט
האָט זיכ געפילט: ער באַנעמט ניט, ער כאַפּט ניט אוף, װאָס פאַר א
שײַכעס עס קאָנ האָבנ א מענטש מיט א קוימענ?

ליפּשיצ האָט שוינ אינגאַנצנ אופגעהערט צו פאַרשטײנ: יענער
שפּאַסט פונ אימ, צי עפּשער איז ער ניט בא די געדאַנקענ?

— מענטש אײנער, איכ פאַרשטײ אײַכ ניט. דער, װאָס האָט
כאָרעװ געמאַכט די סטאַנציע, זאָל האָבנ איר אויסזענ.

— פאַרװאָס שילט איר זיכ? פאַרװאָס קומט עס?

איצט איז שוינ ליפּשיצ געװאָרנ בערויגעז.

— איר װײסט ניט פאַרװאָס? א קלײניקײַט זאָגנ... איר האָט
גאָרניט געהערט דאָס װאָרט דיװערסאַנט?

— פיר יאָר האָב איכ אימ געשלאָגנ! אונ אונדזער עלעקטראָ־
סטאַנציע האָב איכ אופגעריסנ. איכ בינ נאָכ דעמלט א פּאַרטיזאַנ
געװענ אונ האָב געהאַט אזא באַפעל.

ליפּשיצ האָט, אינגאַנצנ א צעטומלטער, געשטאַמלט: — אופגע־
ריסנ... א באַפעל...

— איכ װײס נאָר אײנס ניט, װי מײַנ האַרצ האָט דעמלט ניט
געפּלאַצט. איכ האָב זי געבויט! מײַנ ערשטע זעלבשטענדיקע אר־
בעט. כאַװער ליפּשיצ, איר זײַט אנ אַרבעטער, װײסט איר, װאָס
הײסט די ערשטע זעלבשטענדיקע אַרבעט. האָב איכ געשװוירנ:
בלײַבנ איכ לעבנ — שטעל איכ זי אוף. איר פאַרשטײט... פאַר
אויסבויענ זי האָט מענ מיכ אָנגענומענ אלס קאַנדידאַט אינ פאַר־
טײַ, פאַר אופרײַסנ — אָנגענומענ אלס מיטגליד. פיר יאָר האָט
מיכ די קויל געשאַנעװעט. איצט בינ איכ געקומענ אויספילנ מײַנ
צוזאָג.

— מע װאַרט טאַקע אפ אנ אינזשעניער. זײַט איר עס?

— איכ.

— אונ איר האָט דאָ קײנעמ ניט?

— קיינעמ ניט?

— הערט נאָר, — איז ליפשיצ צוגעגאנגענ צו אימ גאָר נאָענט, — איר זײַט אליינ, איכ בינ אליינ. איכ האָב אײַכ דער ערשטער באגעגנט. מײַנ מאזל.

א רעגע האָט דער מיליטער־מאנ געשוויגנ. ער האָט געוויס געוואָלט באנעמענ, וואָס עס דארפנ באדײַטנ ליפשיצעס ווערטער ווענג דעמ, אז יענער איז אליינ, אונ אז ער איז אויכ אליינ. אונ וואָס פאר א שײַכעס האָט עס צו זיי ביידנ צוזאמענ? געזאָגט האָט ער וועגנ דעמ גאָרניט, ער האָט געפרעגט:

— דאָרט, אפנ ראָג בויט מענ זיכ? אינ יענער שטוב האָט אמאָל געוווינט א יונג מיידל...

— אזויפיל יונגע מיידלעכ האָבנ דאָ אמאָל געוווינט אינ דער שטאָט!

— א שיינ מיידל.

— אזויפיל שיינע מיידלעכ...

— א שווארצע, מיט לאנגע צעפ, — עס האָט זיכ געפילט, אז דער גאסט רעדט וועגנ א נאָענטנ מענטשנ, וועגנ אנ אייגענעמ, וועגנ א ליבנ.

— א שווארצע, מיט לאנגע צעפ? מיט קארע שיינע אויגנ? — האָט געפרעגט ליפשיצ.

אזא איינע איז אימ באקאנט. פאראנ אזא. נאָר ווי זי הייסט, געדענקט ער ניט.

— עסטער... — האָט דער מיליטער־מאנ געבעטנ, — עפשער הייסט זי עסטער...

— ווו קענ מענ זי זענ? — האָט ליפשיצ איבערגעפרעגט בא זיכ אליינ. ער האָט דערזענ פונווײַטנ יאָסע דעמ ברייטנטרעגער אונ זיכ דערפרייט.

— אָט ער ווייסט אלצ, ער וועט זאָגנ. יאָסע, דער מענטש פרעגט, ער וויל וויסנ...

— פרעגט! וויל וויסנ! גלײַכ אינ גארגערעס ארײַנ! — איז יאָסע בערויגעז אָנגעפאלנ אפ ליפשיצנ. דערנאָכ זיכ געווענדעט צומ געקומענעמ: — שאָלעמ־אליכעמ. מא שמעכאָ? איכ הייס יאָסע, יאָסע דער ברייוונטרעגער. א ייִד, וואָס ווייסט אינ די שווארצע פינ־

טעלעכ, לייענט יידישע שרײַבער, באקומט די יידישע צײַטונג. מיכ קען יעדערער — יאָסע דער בריוונטרעגער.

— דער יונגערמאַנ פרעגט... — האָט אים ליפשיצ געוואָלט אי־בערשלאָגנ, נאָר יאָסע האָט זיכ ניט געלאָזט. ער האָט גענומענ טרייסלענ מיט ביידע הענט אינדערלופטנ.

— כ'ווייס, כ'ווייס, כ'ווייס! איכ ווייס, וואָס עס וויל וויסנ אונ זענ א יונגערמאַנ. ער וויל זענ א יידנ א פּארטיזאַנ, בינ איכ עס. ער וויל וויסנ, ווי מע בויט, ווייס איכ עס.

— דער יונגערמאַנ פרעגט זיכ נאָכ... — האָט ליפשיצ ווידער אָנגעהויבנ.

— שא, שא, שא! ער פרעגט זיכ נאָכ! יונגערמאַנ, ווו שטייט איר אײַנ? נאָכ ערגעצ ניט? איז קומט צו מיר, בא מיר האָט איר דעם בעסטנ אדרעס: יאָסע! אלע ווייסנ.

מער האָט שוינ ליפשיצ ניט אויסגעהאלטנ:

— מענטש איינער, איר ווילט אלעמאָל ריידנ מער פאר אלע־מענ. לאָזט זאָגנ. דער מענטש וויל וויסנ, ווי הייסט דאָס אייניקל פונ דער אלטער זלאטע. די, וואָס האָט זיכ געראטעוועט פונ דער געטאָ. ווי רופט מענ זי?

— אזוי טאקע רופט מענ זי — די געראטעוועטע.

— איר נאָמענ? — האָט מיט גרויס אומגעדולד געפרעגט דער מיליטער־מאַנ.

— איר נאָמענ? אונ ווער זײַט איר? מא שמעכאָ? איר זײַט מיר קענטלעכ, א זנאטשנער. קומט, קומט, וועלנ מיר זיכ באלד דער־וויסנ, ווי זי הייסט, קומט! — אונ אלע דרײַ זײַנענ ארײַנ אינ איי־נעם פונ די גאנצ־געבליבענע הײַזער.

3

ליבע האָט זיכ אומגעקערט אליינ, אָנ מאשענ. אָט קומט זי ארופ אפ דער שאָלעמ-אליינעמ-גאס אונ קלאפּט אָנ אינ א פענצטער.

— עסטערקע, עסטערקע!

דאָס פענצטער עפנט זיכ, אונ עסטער באווײַזט זיכ.

— פארגעס ניט, עסטער, היינט גייט די שאָלעם־אַלייכעם־גאַס צו דער עלעקטראָ־סטאַנציע.

— כ׳ווייס, כ׳וועל קומען, איך גיי אַלעמאָל.

ליבע וואָלט שוין געקאָנט אוועקגיין. ריכטיקער, גיט זי וואָלט געקאָנט, נאָר געדאַרפט, זי איילט זיך. זי דאַרף העלפן אָרגאַניזירן די איינוווינער פון דער שאָלעם־אַלייכעם־גאַס צו דער עלעקטראָ־סטאַנציע. זי האָט אָבער א טעווע — זי וויל שטענדיק עמעצן עפּעס גוטס זאָגן. זי האָט א ברייט האַרץ. זי האָט ליב ברענגען מענטשן גוטע בשורעס, א טויווע טאָן. אָפּטמאָל מאַכט זיך, אַז זי ליידט דערפון, וואָס זי וויל עמעצן זאָגן עפּעס גוטס און ווייסט ניט וואָס צו זאָגן. עסטערן וויל זי אַלעמאָל זאָגן א גוט וואָרט, טרייסטן זי און מונטערן. עסטער, פילט זי, מיינט, אַז דער הימל איז שוין בא דער ערד. איז ווי קען איר ליבע גאָרניט זאָגן?

— ביסט היינט אזוי שיין, עסטערקע.

— איי, ליבע, איך דאַרף עס ניט. סײַווײַסײַ, איך אַנטלויף, און זיי גייען מיר נאָך. איך פאַרגעס, און זיי דערמאָנען.

— ווער?

— די טויטע פון גרוב.

— ניין, עסטער, ניין. די טויטע פון גרוב זיינען אונדזערע גוטע פריינט. זיי ווילן, מיר זאָלן לעבן.

פאר עסטערן זיינען די דאָזיקע ווערטער אומדערוואַרט. און געזאָגט האָט עס ליבע מיט אזויפיל האַרציקייט, אַז עסטער קאָן ניט דערווידערן. זי כאַזערט איבער פאַר זיך: „אונדזערע גוטע פריינט, זיי ווילן, מיר זאָלן לעבן". זי פאַרשטייט דען אַליין ניט, עסטער, אַז וויפל צאָרעס מענטשן זאָלן ניט אויסשטיין, וויפל מע זאָל ניט ליידן, שטעלט זיך דאָס לעבן ניט אָפּ. די דייטשן האָבן אזויפיל כאָ־רעוו געמאַכט, אַז מע קאָן קיין איין מינוט ניט וואַרטן — מע מוז ווידער בויען. נאָר זי? זי איז אַרויסגעפאַלן פון לעבן. זי האָט זיך איין אזויפיל בלוט אויסגעווייקט.. אין די סאַמע שווערע ביטערע צייטן פלעגט איר אַמאָל קומען א געדאַנק: בלייבט זי לעבן — וועט זי לעבן אַפּ אַן עמעס, פון אַלץ האַנאָע האָבן, אַלץ באַגערן, אַלץ ווילן און אַלץ דערגרייכן. זי האָט דעמאָלט געטראַכט, שטאַרק געטראַכט ווענן איר באַשערטן, ווענן איר געליבטן, ווענן פאַרגאַנגענע גליקלעכע וואָכן און קומענדיקע גליקלעכע טעג. און איצט?

ער וועט ניט קומען. און זי האָט זיך אַזוינס אָנגעקוקט, אַז זי קאָן מער פון דער וועלט ניט געניסן. איר לעבן איז אויס. און אַט טאַקע, ווײַל פאַר איר איז אַלץ געענדיקט, רירט זי אַזוי טיף אָן: „אונ-דזערע גוטע פרײַנט — זיי ווילן, מיר זאָלן לעבן". אין פענצטער באַווײַזט זיך איר באָבע.

— דאָס לעבן נאַרט מען ניט, קינדער מײַנע, מע נאַרט זיך, — זאָגט זלאַטע.

די באָבע זלאַטע איז אַ פרוי נאָענט צו די זיבעציק, אַ ווײַס-גרויע, אַ ציכטיקע, פול מיט ענערגיע. מע אַכט זי פאַר איר כאָכ-מע, פאַר דער שטאָלצער האַלטונג. אין לעבן האָט זי אַ סאַך געזען און פון אַלץ, וואָס זי האָט געזען, האָט זיך עפּעס אָפּגעזעצט, פאַרבליבן אין זיקאָרן. אַלעמאָל האָט זי עפּעס צו דערמאָנען און צו דערציילן. און אַלץ — מיט אַ מיין, מיט אַ מוסער-האַסקל. זי איז אַ שטיקל אַקשן, נאָר ניט אַזאַ, וואָס וועט פּרוּוון מיטן קאָפּ אַ וואַנט דורכברעכן. זי, אַז זי וויל עפּעס אויספירן, — וועט זי אויס-פירן ביסלעכווײַז. זי טוט עס אַפּ איר אויפן. אַלץ, מיט וואָס זי פאַרנעמט זיך, וואָס זי זאָגט און דערציילט, האָט איין מיין — אויספירן אירס. די לעצטע צײַט קען זי ניט פאַרלײַדן קיין שלעכטע נײַס, קיין שלעכטע בסורעס. זי קען ניט הערן, ווען מע רעדט וועגן טויט.

אַז זי כאַפּט זיך אַרײַן צווישן יונגע ווײַבלעך, האָט זי איין טײַנע:

— ווײַבעלעך, ווײַבעלעך, איין קינד האָט מען נאָר אַפּ אָפּצו-קומען אַ מיצווע — אַ קינד אַפּ אַ רעפּוע. איר זינדיקט. אַלע יאָר וואָלט איך געהאַט אַ קינד! זאָלן ייִדישע קינדער וואַקסן! איך וועל שרײַבן סטאַלינען, זאָל ער הייסן ייִדישע מאַמעס האָבן קינדער. ניט צו איינס אַפּ אַ רעפּוע — אַ סאַך קינדער, עס זאָל זיך אום-קערן דאָס אָפּגעצאַפּטע בלוט! ווען איך וואָלט געווען ייִנגער...

אַז זי האָט איצט דערהערט, ווי די מיידלעך ריידן וועגן לעבן, האָט זי זיך ניט געקענט אײַנהאַלטן און ניט זאָגן אירס.

עסטערן פאַרדריסט עס.

— שוין געהערט דײַנע טײַנעס, באָבע, — בויען זיך, כאַסענע האָבן, קינדער האָבן... דיר וועט זײַן גוט, דו וועסט האָבן אור-איר-

ניקלעך. און איך? בוי זיך, באָבע, דו, דו ביסט יונג און קרעפטיק, איך בין שוין אלט.

— מע טאָר ניט אזוי. מע טאָר ניט לאָזן די צונג זינדיקן. ביסט גאָרניט געראָטן אין דײַן מאמען. אין וועמענס דראָכים ביסטו אוועק? דײַן מאמע איז געווען א מאמע פאר א גאנצער שטאָט.

עסטער האָט דערפילט, אז זי האָט איבערגעכאפט די מאָס, באליידיקט די באָבע, פארענטפערט זי זיך:

— איך זיך אליין, באָבע, בין איך געראָטן.

— ניין, מײַן קינד.

עסטער קוקט אין פענצטער און שטעלט זיך פאָר אלץ, וואָס זי ווייסט וועגן איר מאמען.

די גאנצע שטאָט האָט זי געקענט. קליין און גרויס. אז מע פלעגט זי דערזען אין די קרומע און שמאָלע יידישע געסלעך, פלעגט איין שאָכן פרעגן באם אנדערן:

— ווער גייט עס צו קינד?

מע איז געווען זיכער, אז וויבאלד ציפּע קומט, וועט מען שוין אין א שכײנישער שטוב איינגיכן אויסהעננען שיר-האמײלעסן.

ציפּע איז נאָך געווען גאָר א יונגע, אליין אָפּט געלעגן אין קימפּעט און טאכלעס-סינע פײַנט געהאט אלטע מוידן און אלטע באָכערים. ניט מאכמעס דעם, וואָס מע נעמט בא איר אָפּ כאיונע, נאָר ווײַל זי איז פול מיט לעבן און האָט פײַנט א מום.

— א פארזעסענער — איז א מום!

זי האָט געהאט רויטע בעקלעך און ווארעמע ליפּן. א פּאָר אויגן לעבעדיקע, שווארצע און גלאנציקע, וואָס האָבן מוירע עפּעס דורכצולאָזן. זי איז געווען א גרויסע בעריע און האָט געהאט א שעם, אז זי פארמאָגט גרינגע געבענטשטע הענט אף נעכינע קינדער. אז זי פלעגט ארײַנקומען צו א געווינערן, פלעגט זי די ערשטע זאך פארקאטשען די ארבל ביז די עלנבויגנס, און אלע האָבן געקענט זען, אז איר לײַב איז שטײַף און בלענדיק-ווײַס, אָן א מינדסטן פגאם. פריער פון אלץ האָט זי געזוכט א שפּיגל.

ווי זי קימט נאָר ארײַן צו א געווינערן אין שטוב, ווערט זי די באלעבאָסטע. זי הייסט, זי באפעלט, זי קאָמאנדעוועט, זידלט אפילע און שרײַט. די מאנצבלען איז אָבער באזונדערס גיכע איר

געשריי און זידלערײַ. זײ דערפילן, אז חיבאלד זי קאָמאנדעוועט, וועט אלצ זײַנ אינ אָרדענונג, עס וועט גייג קעשורע און מיט מאזל. ציפּע ווייסט שוינ, אז אפ בארויקנ א מאנצבל דארפ מענ זײַנ מיט אימ שטרענג און ריידנ קורצ, אָנ דערקלערונגענ. ווער רעדט נאָכ, מיט א יונגנ טאטנ, וואָס ווארט אפ אנ ערשטלינג, גייט ארום ווי א מעשוגענער פונ דער פרוים געשרייענ, רײַסט זיכ די האָר און גיט זיכ דאָס וואָרט מער קיינ קינדער ניט האָבנ. אזא איז גרייט איר פאלנ צו די פיס, אָנ א שיר דאנקענ פאר איר זיכערקײַט, גע־ניטקײַט, רויקײַט און האָפּערדיקײַט.

א מאנצבל שטערט. דעריבער פלעגט זי די ערשטע זאכ שיקנ די מאנצבלענ אײַנקויפנ גוטע און געשמאקע זאכנ. און די מאנצ־בלענ פאָלגנ.

גוטע און געשמאקע זאכנ האָט ציפּע שטארק ליב געהאט. זי האָט זייער ליב געהאט א קימפּעטאָרנ, וואָס עסט און טרינקט. עסט און טרינקט מיט איר ציפּע. זי האָט ליב געהאט ווײַנ און האָט געקענט מאכנ א קויסע. זי האָט ליב געהאט זײַנ פריילעכ און האָט פײַנט געהאט מאָרעשכוירעניקעס. ס'איז בא איר אזא פאר־גאָסע — זײַנ פריילעכ און לעבעדיק.

— סימכעס איז מײַנ כאיונע!

אינדערעמעסנ: הײַנט האָט זי א לעקעכ־און־בראָנפנ בא א מיידל. מאָרגנ — א ברים בא א יינגל. מע רופט זי אפ בארמיצ־וועס און כאסענעס. וואָרעמ א קינד, וואָס זי האָט צונעמענ, איז דאָכ אירס. די גאנצע שטאָט קינדער זײַנענ אירע.

קינדער אינ דער שטאָט האָבנ זי געוווּסט און גערופנ: מומע ציפּע.

די יונגע מומע ציפּע, אז זי פלעגט דערזענ ווינטער א יינגעלע, וואָס גייט שלעכט ארומגעוויקלט דעמ האלדז, פלעגט זי אימ אָפּ־שטעלנ און פרעגנ:

— אוורעמעלע הייסטו?

— מוישעלע.

— ווי קומסטו הייסנ מוישעלע? איכ געדענק עפּעס ניט. אכ, יאָ, יאָ... מוישעלע הייסטו, דעמ שנײַדערס. זאָלסטו זאָגנ דער מא־מענ דער בעריע, אז איכ האָב אפ דיר גענוג געהאָרעוועט. זאָל זי זײַנ אזוי גוט ניט לאָזנ א קינד גיינ מיט א הוילנ האלדז. אוואדע.

וואָס אַרט עס זיי אַ קינד? — און זי בינדט מוישעלען גוט אַרום דעם האַלדז.

זומער, אַז אַ מיידל גייט צופיל אַרומגעוויקלט, שטעלט זי ציפּע אָפּ און זאָגט:

— סאָרעלע, זאָלסט זאָגן דער מאַמען, אַז קינדער דאַרף מען ניט גאָר געבוירג, נאָר אויך האָדעווען. אָנגעפּעלצט אַ ביסל, אַז דאָס קינד האָט ניט ווו צו וואַקסן...

— מומע ציפּע, פונוואַנען ווייסט איר, אַז מע רופט מיך סאָרעלע?

— ווער דען ווייסט, די מאַמע דיינע?

ציפּע איז געווען זייער צופרידן, וואָס די קינדער קענען זי. גאַנץ שטאָט קינדער זיינען אירע.

און אַז זי טרעפט אַן אומבאַקאַנטן, פרעגט זי אים:

— ניט קיין היגער? באַלד פאַרשטאַנען...

* * *

עסטער קוקט אין פענצטער און זינגט פאַר זיך אַ לידל, וואָס זי האָט געהערט און פאַרגעדענקט:

ס'קומען קינדער פון די פראָנטן,
ס'קומען מאַמעס פון דעם קריג,
כ'דאַרף זיך יאָמערווידיק ניט אָנטאָג —
מיינער קערט זיך ניט צוריק.

פלוצלינג גיט זי אַ פרעג:

— באָבע, דער בריוונטרעגער איז נאָך ניט געווען?

— שוין געדאַרפט זיין. פאַרשפּעטיקט געווים. פון וועמען וואַרטסטו בריוו?

— איך? — ענטפערט עסטער. — פון וועמען קאָן איך וואַרטן?

— ווער עס זוכט אַ ברונעם, איז דאָרשטיק. פרעגסט אַלע אינדערפרי אָפּן בריוונטרעגער.

— אַ געוווינהייט, באָבע, אָדער אַ קראַנקייט. קיין ניסים זיינען ניט פאַראַן. קיין בריוו וועלן ניט אָנקומען. כאָטש אַמאָל כאַפּ איך זיך אויף אינדערפרי און וואַרט: עפּשער... טאָמער... נאָר פון וועמען? פון וועמען, באָבע?

4

אינ פענצטער האט זיכ דערהערט א „גוטמארגנ".

— א גוט־יאר, יאסע, מע זאל דערמאנענ מאשיעכנ. אז איר קומט צו אונדזער פענצטער, איז דאכ ניט אומזיסט.

— איכ קומ קיינמאל ניט אומזיסט.

— איר ברענגט גוטע בסורעס? א בריוו? — האט זלאטע געפרעגט מיט האפענונג.

— א בריוו! — האט אויסגעשריענ עסטער.

— א בריוו? זאג מיר, ווי הייסטו, מיידל?

— עסטער.

— עסטער. א גוט־יאר אפ דיר, וואס זשע שווייגסטו? טאקע עסטער, בעעמעס? זלאטע, איר שווייגט, ווי בא שמוינע־עסרע... זי הייסט עסטער?

— עסטער, — האט געענטפערט זלאטע.

יאסענ ווילט זיכ אינ איינ ווארט זאגנ אלצ, וואס ער ווייסט, וואס ער וויל, נאר ער קענ עס ניט. ער מוז זיכ פריער אויסריידנ, ביז ער זאגט דעמ איקער.

א גאנצ לעבנ איז ער געווענ א מוליער. ליב געהאט ארבעט אונ קיינמאל ניט געקענט ארומגיינ ליידיק. אינ אנ אפרו־טאג, ווענ יאסע האט ניט געפונענ מיט וואס זיכ צו פארנעמענ, איז אינ שטוב געווענ ניט רויק, טומלדיק איז געווענ פונ יאסעס ניט וויסנ וו זיכ אהינצוטאנ.

— ווי קאנ מענ עס נארניט טאנ?

ער איז געווענ אנ אקטיוויסט אינ עטלעכע סעקציעס פונ ראט, אנ ארבקאר אינ א יידישער צענטראלער צייטונג. אלע זיינע אפגעדרוקטע קארעספאנדענצנ האט ער אריינגעקלעפט אינ א באזונדער ביכעלע אונ שטארק אפגעהיט. ער האט געהאט א גרויסע מישפאכע אונ געהאפט אפ א סאכ נאכעס.

פונ זיינ גאנצער מישפאכע איז געבליבנ איינ אייניקל.

שטענדיק, ווענ ער פלעגט לייענענ א בוכ, פלעגט ער פילנ, אז ער וואלט עפעס אויכ געקאנט דערציילנ, ער האט געהאט כיישעק אויסדערציילנ זיינ לעבנ. ביז דער מילכאמע האט ער זיכ געפילט

יונג, און ס'איז נאָך אַלץ צײַט געווען. און נאָך דער מילכאָמע האָט ער דערפילט, אַז ער האָט פאַרשפּעטיקט. אים דוכט, אַז ער וועט עפּעס ניט באַווײַזן אָפּצוטאָן. און אָט דאָס געפיל פון ניט באַווײַזן, דאָס געפיל, אַז ער איז געבליבן מיט גאָרניט, האָט געבראַכט דער־צו, אַז ער האָט אין אַלץ גענומען אײַלן, אַפילע אין ריידן. פון גרויס אײַלעניש קען ער ניט זאָגן גלײַך דעם איקער, עס ווערט אים ענג, אַלץ קומט מיטאַמאָל צו צום מויל. ער מוז זיך פריִער אויס־שרײַען, אויסבייזערן. בײַ אים איז אויך גרויס געוואָרן די קינע צו יינגערע פון אים, וואָס וועלן נאָך אַלץ באַווײַזן און אַלץ אופטאָן. מיט וואָס איז ער געבליבן? און אָט דער געדאַנק, אַז ער האָט, ווי אַלע אַנדערע, געקאָנט עפּעס אופטאָן און האָט גאָרניט אופגעטאָן, אַז ער לאָזט גאָרניט נאָך זיך — עסט אים, טאָטשעט, דערגייט אים די יאָרן. זײַן אויסזען האָט זיך שטאַרק געענדערט. די היפּשע ברוינע באָרד איז געוואָרן ווי אַ ווילד געוויקס; דער קערפּער איז געוואָרן שווערער, ווייניקער באַוועגלעך. די הענט, וואָס די שפּיצן פינגער זייערע האָבן אָנגעהויבן פילן אַ סאַך ערגער, ווי פריִער, לויפן צו אָפט אין דער לופט, ווי זיי וואָלטן וועלן עמעצן כאַפּן פאַר דער האַנט אָדער פאַרן קאָלנער. די פיס נאָר שטייען זיכער, ווי אַמאָל באַם לייגן ציגל.

איצט אָבער וויל ער זיך גאָר ניט בייזערן.

— וואָס וועט איר טאָן, אַז יאָסע וועט ניט זײַן? אַ מענטש לעבט דאָך ניט אייביק. דער דאָזיקער אַקשן ליפשיץ, וואָס לויפט אַלע פאַרטאָג צום צוג, האָט הײַנט טאַקע געבראַכט אַ באָכער. אַ ווווילער באָכער, אַ קלוגער, כאָטש אַ שווײַגער. פרעגט זיך דער באָכער אַלץ נאָך, ווי רופט מען זי?

— עסטערקען?

— יאָ, יאָ. ער זוכט אַ מיידל, וואָס הייסט עסטער.

— ווער איז דער באָכער? פונוואַנען קומט ער? וואָס טוט ער? — האָט זלאַטע גענומען אויספרעגן. — אין אַזוינע זאַכן שפּאַסט מען ניט, יאָסע. עסטערקע, מע פרעגט אף דיר.

— אף מיר קאָן מען ניט פרעגן! — האָט עסטער מיט קאַעם געזאָגט, עס האָט זי פאַרדראָסן אף דער באָבען, אף דער קלוגער באָבען, וואָס, ווי עס קומט צו איר, צו עסטערן, ווערט זי אויס קלוגע. פאַרוואָס פאַרשטייט זי ניט, אַז בײַ עסטערן גייסט זיך בלוט

פון הארצן. נים אפּ איר פרעגט מען דאָך, ווער דאַרף זי? ווער וועט צו איר קומען? אַלנפאַלס נים דער, וועמען זי דאַרף. וואָס זשע וויל נאָך די באָבע?

זלאַטע איז טאַקע א קלוגע, נאָר דאַפקע מיט קלוגע מענטשן טרעפט, אַז זיי באַנאַרישן זיך. אַלנפאַלס האָט זי אין דער מינוט נים אויסגעהאַלטן און האָט געפרעגט:

— ווי קאָן מען אים זען?

— בא ליפשיצן.

— נים אפּ דיר פרעגט מען, באָבע.

— ווער עס פרעגט אפּ דיר, פרעגט אפּ מיר.

יאָסע האָט אָבער קיין געדולד נים געהאַט צו וואַרטן, ביז ביידע וועלן זיך צונויפרייידן. ער האָט א געשריי געטאָן: „שאַט, שאַט, מיידלעך, נים געקריגט זיך!" און אַוועקגעאײַלט צוריק.

אין א רעגע אַרום האָט זיך יאָסע ווידער באַוויזן. מיט אים זײַנען געווען ליפשיץ און דער מיליטער-מאַן. יאָסע איז קימאַט געלאָפן פאָרויס און געדעדט הויך, איבער דער גאַנצער גאַס:

— יאָ, זי הייסט עסטער. זיך געראַטעוועט פון געטאָ. זיך אויס-באַהאַלטן אין דאָרף. זי, דאָס איז זי!

— נים זי... — האָט שטיל געזאָגט דער געקומענער.

— נים זי? — האָט אויסגעשריגן יאָסע. ער האָט זיך דערפילט, ווי אָפּגענאַרט.

— נים זי, — האָט ווידער געזאָגט דער מיליטער-מאַן און איז צוגעגאַנגען צום פענצטער, — לאָמיר זײַן באַקענט, כאַווערטע. דאָוויד פרומקין, נים לאַנג פון דער אַרמיי. געמיינט, עפּשער זיך געראַטעוועט. א פאַלשע האָפענונג. זי האָט אויך געהייסן עסטער, אויך געהאַט לאַנגע צעפּ און שיינע אויגן. ענלעך אפּ אײַך, נאָר נים איר.

— איך בין אן אַנדער עסטער, אַלע האָבן פאַרלאָרן, און אַלע זוכן...

— נים זי? — האָט זיך יאָסע נים געקאָנט באַרויִקן. ער איז געוואָרן בייז אפּ זיך אַליין, ווי ער וואָלט געווען שולדיק אין דעם, וואָס די עסטער איז נים יענע עסטער.

## 5

אפ דער גאס האָט זיכ דערהערט א טומל. פּיאָנערנ מיט פאָ־נעמ אונ פּויקנ זײַנענ געקומענ אָנזאָגנ, אז די אײַנוווינער פונ דער גאס זאָלנ זיכ קלײַבנ צו דער עלעקטראָ־סטאַנציע. מיט די פּיאָנערנ האָט אָנגעפירט ליבע. אינ די הײַזער האָט מענ צעעפנט די פענצ־טער. אינ די דאָזיקע ווײניקע גאנצ געבליבענע הײַזער וווינענ איצט אלע אײַנוווינער פונ דער גאס. אינ יעדנ פענצטער באווײַזט זיכ א גאנצע מישפּאָכע.

וויפל מאָל מארשירנ איבער אונדזערע פלעצער קינדער מיט פאָ־נעמ אונ פּויקנ אונ קײנמאָל ווערט ניט דערעסנ אפ זײ צו קוקנ.

דער פּיאָנערנ־אָטריאַד שטעלט זיכ אָפּ אינמיטנ דער גאס, אונ די פּײַקלעכ נעמענ קלאפנ. פונ די הײַזער נעמט מענ ארויסגײנ אפ דער גאס.

פּרומקינ איז צוגעגאנגענ צו ליבענ אונ געפרעגט:

— איר זײַט דער אָרגאניזאטאָר פונ דער שאָלעמ־אליײכעמ־גאס?

— איכ אונ דער זײדע.

— זײער גוט. איכ בינ דער אינזשעניער. געקומענ לאָזנ די עלעקטראָ־סטאנציע. איכ הײס פּרומקינ.

ליבע האָט נאָכ גאָרניט באוויזנ צו זאָגנ, ווי עמעצער האָט פונ פענצטער א פרעג געטאָנ:

— לאָזנ די עלעקטראָ־סטאנציע?

— יאָ, — האָט געענטפערט פּרומקינ.

עסטער ארבעט אינ פּלאנ־אָפּטײל פונ דער כאַרעווער שוכ־פאב־ריק. דערווײַל ארבעטנ דאָרט סאכאקל עטלעכע ווארשטאטנ. די פאבריק בויט זיכ איצט קימאט פונדאָסנײַ. די ארבעט אפ דער בויונג גײט שוואכ. אונ דערפאר זידלט מענ. צי איז אָנגענעמ צו אר־בעטנ אפ אנ אָפּגעשטאנענעמ אָביעקט? דער דירעקטאָר כײַנעט: סײווי איז קײנ עלעקטרע ניט פאראנ. אָנ ענערגיע וועט זיכ גאָר־ניט רירנ.

— ליכט וועט זײַנ! — האָט עסטער געזאָגט צו דער באָבענ.

— יאָ, יאָ, ליכט וועט זײַנ, — האָט פּרומקינ באשטעטיקט אונ

גלייב זיך נשוועגדט צו ליבען: — וויפל מענטשן וועט געבן די גאס?

— וויפל? — האט ליבע איבערגעפרעגט, — וויפל מענטשן?

— גענוי.

— דערווייל שווער צו זאגן.

— און וועלכע פראפעסיעס?

— פארשיידענע.

— דאך? עפשער קענט איר, כאווערטע, זאגן גענויער, פינקט־לעכער.

— סוליערס, מעסלער און ביכלאל פארשיידענע.

— וועלכע גאסן האבן שוין געארבעט?

— די סאוועטישע, די גארקי, היינט גייט שאלעם־אליינכעם.

— כארעוו געמאכט די גאס. איך געדענק זי פון פאר־דער מילכאמע.

— און איך געדענק אייך פון פאר דער מילכאמע. דאוויד רופט מען אייך.

— יא, דאוויד.

— איר האט זיך געכאווערט מיט שימענען, און ביידן איז אייך געפעלן געוועזן עסטער פון דאג שאלעם־אליינכעם.

— איך געדענק אייך נים.

— דערפאר געדענק איך אייך. איר האט געוויס אויך פאר־געסן, אז איר האט מיך געבעטן איבערגעבן עסטערן א צעטעלע.

— א צעטעלע?

— און איך האב נים איבערגעגעבן.

— נים איבערגעגעבן? פארוואס?

— מיר איז זייער געפעלן געוועזן, ווי איר שרייבט. מיר האט זיך געוואלט, מע זאל אזוי צו מיר שרייבן.

— נו?

— האב איך עס געלאזט בא זיך.

— נים איבערגעגעבן? געלאזט בא זיך? מיעס!

— איך בין געווען א קליינע. לאנג האב איך דאס צעטעלע גע־טראגן. דערנאך האט עס דער זיידע צעריסן.

— דער זיידע?

— דער זיידע יאָסע. ער האָט געמיינט, מע שרײַבט עס צו
מיר — האָט ער זיכ געבייזערט.
— אונ איר?
— איכ בינ געווענ א קליינע, האָב איכ געוויינט.
— ווארט נאָר, א קליינ מיידל, א לעבעדיקס אונ א פריילעכס.
איכ דערמאָנ זיכ, יאָ, יאָ...

אפ דער גאס זײַנענ אַלצ צוגעקומענ מענטשנ. די דעמאָבילי־זירטע ברידער שיע אונ מייער לעווינ, וואָס האָבנ קיינעמ פונ זייער מישפּאָכע ניט געפונענ. מענדל קופּערנאָס, א מענטש א בארמאזל, ער האָט געפונענ זײַנ ווײַב אונ טאָכטער, זיי זײַנענ געווענ אינ עוואקואציע. סטעפּאנ קוטשעראָוו, א לאנגיאָריקער אײַנוווינער פונ דער שאָלעמ־אליינעמ־גאס, ער רעדט ייִדיש, מישט ארײַנ לאָשנ־קוידעשדיקע ווערטער, ווי ער וואָלט יאָרנ אָפּגעזעסנ אינ כיידער. די ברידער ניקאָלײַ אונ פּאוועל שוסטריקאָוו, ביידע פּארטיזאנער. פונ זייערע הײַזער איז קיינ סימענ ניט געבליבנ, די דײַטשנ האָבנ זיי פארברענט.

יעדער נײַער מענטש, וואָס באווײַזט זיכ, פרייט יאָסעס הארצ ער איז צוגעלאָפנ צו זײַנ אייניקל:

— ליבע טייערע, עפּשער דארפ מענ העלפנ, רופנ, זאָגנ? כאַ־ווער אינזשעניער, איר גייט מיט אונדז?
— פארשטייט זיכ.
— כאווער אינזשעניער, פארגעסט ניט, איכ בינ א מענטש פונ פּראצע. מײַנ טאטע איז געווענ א מוליער, איכ בינ א גאנצ לעבנ א מוליער. אפ דער עלטער בינ איכ געוואָרנ א בריוונטרעגער. נאָר ס'מאכט ניט אויס. ליפּשיצעס טאטע איז אויכ געווענ א מוליער, ליפּשיצ קענ אויכ לייגנ ציגל, כאָטש ער איז געוואָרנ אנ אינטעלי־גענט — א שנײַדער. ער וועט קומענ. ווו וועט איר אונדז שטעלנ?
— וויפל מוליערס וועלנ קומענ? — פרעגט פרומקינ.
— וויפל? באלד, באלד, — יאָסע ציילט אפ די פינגער — א מאנ זעקס.
— אונ טעסלערס?
— טעסלער, — יאָסע ציילט ווידער אפ די פינגער, — א מאנ אכט.
— אונ שלאָסער?

— עפּלעכע.
— געגויער.
— שלאָסער ווייס איכ ניט. ניט פונ מײַנ פאַכ.
— ניט פונ אײַער פאכ? דערפאר זײַט איר, יאָסע, פונ מײַנ פאַכ.

אפ דער גאס האָט זיכ באוויזנ דער סעקרעטאר פונ שטאָטישנ פארטיי־קאָמיטעט.

— איוואנ פּעטראָוויטש איז געקומענ.

— דער סעקרעטאר.

— דער כאווער פעדאָטאָוו.

אלע האָבנ זיכ גענומענ קלײַבנ ארומ אימ, באגריסנ אונ דער־ציילנ, אז מע איז גרייט גייַנ צו דער סטאַנציע.

פאַר פעדאָטאָווג האָבנ אלע אָפּשײַ. מע ווייסט. ער איז א מייווג אפ מענטשנ. איוואנ פּעטראָוויטש איז ניט לאנג פונ דער ארמיי. גלײַכ אפ מאָרגנ נאָכ דעמ, ווי ער איז צוריקגעקומענ, האָט ער אראָפּגענומענ די מיליטערישע קליידער אונ טייקעפ געוואָרנ א ציווילער. ער האָט ניט איינ מאָל באמערקט, אז מע קומט אינ קאָמי־טעט אָנגעטאָנ אינ מיליטערישע קליידער, כאָטש ביכלאל טראָגט מענ שוינ ציווילע.

— דו האלטסט נאָכ אלצ מילכאָמע? — גיט ער אינ אזא פאל פלוצלינג א פרעג, — מיט וועמענ?

איינעמ האָט ער בערויגעז געזאָגט:

— אינ קינאָ, ברודער, גייסטו אינ א נײַעמ אָנצוג, אינ שיינע שיכ. פארוואָס קומסטו צו מיר אינ אנ אלטער גימנאסטיאָרקע? אינ קאָמיטעט דארפ מענ קומענ אָנגעטאָנ ניט ערגער, ווי אינ קינאָ.

ער איז א קליינוווקסיקער, א ברייטפּלייציקער, מיט א קײַקלע־דיקנ, געזונטנ, ריינ ראזירטנ קאָפּ, וואָס גלאנצט אָפּ מיט בלויקייט. דער קאָפּ איז בא אימ ווי אויסגעשאָסנ פונ מעטאל — עס דוכט, ער איז אזוי שווער, אז ניט אלע פּלייצעס וואָלטנ אימ געקאָנט אײַנהאלטנ.

אז ער זאָגט עמעצנ עפּעס ארײַנ, קלעפּט זיכ עס צו אפ ניט אָפּצורײַסנ. אונ נאָר ווײַל ער ווייסט, אז ער איז א סעקרעטאר אונ צו זײַנ א וואָרט הערט מענ זיכ נאָר אנדערש צו, בײַסט ער זיכ צו די צונג אונ צאמט זײַנ הומאָר.

פרומקינ איז צוגעגאנגענ זיכ פאָרשטעלנ:

— אונ איכ גיי גראד צו אייכ...

דער סעקרעטאר האָט זיכ שטארק דערפרייט.

— געקומענ! ווענ? היינט געקומענ? אָט איצט וועט עס גייג א גאנג. נו, ווו האָט איר זיכ אָפּגעשטעלט? א דירע? באקוועמ? בא וועמענ? בא ליפשיצנ? פארשטייסט, כאווער פרומקינ, וואָס אונדז איז וויכטיק. איבערנ פלאנ פונ נייעמ פינפיאָר ארבעט שוינ מאָס־קווע. אונדז איז וויכטיק, אז צו יענער צייט, ווענ דער פלאנ וועט פארטיק ווערנ, זאָל שוינ זיינ גרייט די סטאנציע. פארשטייסט, פרומקינ? די גאנצע שטאָט איז דיינע, נעמ, ווענ אונ וואָס דו ווילסט. נאָר די סטאנציע גיב מיר! ענערגיע אונ שיינ!

אָנ א זייט זיינענ געשטאנענ יאָסע מיט ליפשיצנ. יאָסע האָט געכאפּט ליפשיצנ פאר א האנט.

— קומ, ליפשיצ, לייגנ ציגל.

— איכ? — האָט געענטפערט ליפשיצ, — איכ וויים ניט, יאָסע, כ'מוז גיינ אהיימ.

— אהיימ?

— איכ האָב אזא גאסט. דער אינזשעניער. א קלייניקייט זאָגנ. איכ מוז גיינ אהיימ. אימ זאָל אלצ געפעלנ ווערנ. כ'וועל א צווייט מאָל.

— כאווער יאָסע, ערגערט זיכ ניט, — האָט זיכ פרומקינ ארייג־געמישט. — ער וועט גיינ, ער וועט לייגנ ציגל.

— ער איז אנ אקשנ!

— ער איז אנ אקשנ, ווענ ער איז אליינ. אז מיר גייענ אלע ארבעטנ, — האָט פרומקינ פאָרגעזעצט, — זיינענ מיר א גאנצע גאס, א גאנצע שטאָט, א גאנצ לאנד! אליינ וועט ער ניט בלייבנ. הא, ליפשיצ?

— מענטש איינער, וואָס רעדט איר? ווידער אליינ! — האָט ליפשיצ אויסגעשריענ אונ געכאפּט יאָסענ פאר דער האנט.

# צווייטער קאפיטל

## 1

וואָס א טאָג ווייטער — באוויזן זיך אף גאסן, טירן און אין געגצטער אלץ מער מעלדונגען:

„עס פאָדערן זיך ארבעטער".

עס פאָדערן זיך שלאָסער און טאָקער, מוליער און טעסלער, שוסטער און שניידער, קעכער און בעקער, שאָפערן און מוזיקאנטן.

עס ווערן אָנגענומענע סטודענטן אין די הויכשולן, צוהערער אין די טעכניקומס, זינגער אין טעאטער, בילעטיאָרן אין קינאָ.

איבער אלע גאסן, אף אלע ראָגן האָט מען ארויסגעשטעלט גרויסע פאניערן מיט פארביקע אויפשריפטן: אף דער בויונג פון דער עלעקטראָ-סטאנציע פאָדערן זיך ארבעטער.

פרומקין איז ביז שפעט אף דער סטאנציע. פארהאלט ער זיך מער ווי אלעמאָל, שיקט ער אָנזאָגן ליפשיצן. היינט וועט ער זיך פארהאלטן. ער ווארט אף איוואן פעטראָוויטשן.

בא ליפשיצן אין צימער איז אלץ צייטווייליק און ניט געמיטלעך. א גרויסער בייכיקער אלמער, וואָס פארנעמט קימאט א העלפט צימער; צוויי בעטן. איין בעט — א הילצערנס, א ברייטס, א טיפס, פון מיילעכ סאבעצקעס יאָרן. אף אַנפּילן אזא בעט מיט בעטגעוואנט דארף מען א סאך פערנעס, א סאך גרויסע קישנס, אָן א שיר קליינע קישעלעך. ליפשיץ פארמאָגט עס ניט. דאָס צווייטע בעט — אן אייזערנס, א שמאָלס און אן אָפּגעבליאקעוועטס; א טיש, עטלעכע שטולן און עטלעכע טאבורעטן. דאָס איז ליפשיצעס פארמעגן. ליפשיץ איז שוין געקומען פון דער ארבעט. אָן פרומקינען וועט ער זיך ניט זעצן עסן. דערווייל ראמט ער און וואשט דעם צימער. ער טראכט דערביי: „איך בין געווען אליין, האָב איך גאָר פארגעסן, אז א שטוב האָט א דיל, א וואנט האָט שטויב. איצט דארף אין שטוב גלאנצן, מע זאָל זיך קאָנען שפּיגלען אין יעדן ווינקעלע." ער זאָגט אפן קאָל, ווי ער וואָלטריידן מיט עמעצן:

— א מענטש, וואָס האָט ניט קיין קינדער, איז געגליכן צו א טעס. מיר איז נאָך באשערט האָבן דאָס גליק פון זאָרגן פאר עמעצן. א קליינינקייט זאָגן, זיין ניט אליין.

אין קאָרידאָר האָבן זיך דערהערט טריט. „דאָוויד". נאָך באַלד האָט ער זיך געכאַפּט, אַז דאָס זײַנען ניט פרומקינס טריט. פרומקינס טריט ווייסט ער גוט. אין צימער איז אַרײַן ליבע. ליפשיץ האָט זיך דערפרייט.

— אַ גוטן־אָוונט, אַ גוטן־אָוונט. אַ גאַסט, ליבע, אַ גאַסט. זעצט זיך, דערציילט עפּעס.

— כאָטש ליפשיץ, איך האָב פאַר אײַך אַ גרוס.

— פון וועמען ברענגסטו עס גרוסן?

— פון דאָווידן.

— פון דאָווידן?

— ער האָט געבעטן איבערגעבן, אַז ער וועט זיך אַ ביסל פאַרהאַלטן אויף דער סטאַנציע.

ליפשיץ ווערט אומרויִק. און אַפילו דערשראָקן. נאָך אין די גוטע יאָרן, פאַר דער מילכאָמע, אַז עמעצער פון די שטוביקע פלעגט פאַרשפּעטיקן, קומען ניט צו דער צײַט, פלעגט ער ניט קענען אײַנזיצן. זײַן פאַנטאַזיע האָט שוין געזען יענעם אונטער אַ מאַשין, אונטער אַ ראָד, אַ געכאַלעשטן, אַ געקוילעטן. ער איז געווען גרייט לויפן אין מיליציע, אין שפּיטאָל. „אַ מעשוגענער טאַטע" — פלעגט זאָגן דאָס ווײַב, ווען אַלץ פלעגט זיך באַרויקן. אַף איר פּאָנעם איז געווען נאָכעס און צופרידנקייט. „אַ מעשוגענער טאַטע" האָט אויך באַטײַט: „אַ געטרײַער מאַן, אַ גינציקער".

— וואָס איז געשען? זאָג, זאָג... זאָגסט אַן עמעס? ניין, איך זע. עפּעס איז געשען. דעם עמעס זאָג.

— אַן עמעס. דאָוויד האָט געבעטן אײַך איבערגעבן. דאָוויד האָט געזאָגט, איר זאָלט ניט זײַן אומרויִק, ער וועט זיך פאַרהאַלטן.

די שרעק איז אַוועק, נאָר די אומרויִקײַט איז געבליבן, ער האָט זיך קיין אָרט ניט געפונען.

— דאָוויד... און וואָס עפּעס ברענגסטו מיר גרוסן?

— איך?

— דו! דאָוויד... ער איז שוין פאַר דיר דאָוויד! פון ווען אָן?

— אַלע רופן אים אַזוי אויף דער סטאַנציע.

— אַלע?

ליפשיץ האָט זיך דערפילט ווי באַאוולט. וואָס הייסט, אַלע

רופֿן אים אזוי? און ער זאָגט ליבען, ווי א לערער, וואָס באַזאָרגט שוין צום ווײַפֿלטן מאָל איבער פֿאַר א טעמפּן שילער:

— ער הייסט דאָוויד פּרומקין! דער אינזשעניער פֿון דער סטאַנציע! און אָרדענטרעגער!

אפֿ ליבעס פּאָנעם באַוויַזט זיך א שמייכל. ערשט איצט פֿאַר־שטייט זי, פֿאַרוואָס ליפּשיץ איז אומצופֿרידן.

ליפּשיץ, וואָס איז ביבלאָל א שטילער מענטש, פֿאַרטשעפּעט קיינעם ניט, האָט די לעצטע צײַט געגומען פֿאַרלירן זײַן שטיל־קייט. ער באַליידיקט און פֿילט זיך אפֿילע בייס־מײַסע ניט. שפּעטער, אז מע זאָגט אים — גלייבט ער ניט, זוכט ער א שולדיקן. באַשול־דיקן זיך — דאָס קען ער אָבער בא זיך ניט פֿויעלן. אויך איצט וויל ער געפֿינען א שולדיקן. „צי האָב איך איר סײַדן שלעכטס גע־זאָגט? צי באַליידיקט? קיינמאָל ניט. פֿאַרוואָס קומט עס, מע זאָל מיר מעקאַנען זײַן ניט פֿאַרגינען. ער איז שוין פֿאַר איר דאָוויד.״ גאָר כאָטש ער וויל זיך ניט מוידע זײַן, פֿילט ער: „באַליידיקט ליבען״.

זינט ער האָט זיך אומגעקערט פֿון דער עוואַקואַציע, געדענקט ער ניט, מע זאָל צו אים געווען אָפּט קומען. און ער האָט געוואָלט, געבעטן, געבאַלעשט, מע זאָל אַרײַנגיין. יעדער איז אָבער פֿאַרנו־מען מיט זיך, מיט זײַנע זאָרג. איצט האַלט מען אין איין גיין צו אים. ווער רופֿט זיי? ווער דאַרף זיי? און אז ער, יאַנקל ליפּשיץ, דאַרף זיי ניט, דאַרף זיי דאָך דאָוויד פּרומקין אויך ניט. אָט איז נאָרוואָס געווען ליבע, איצט איז געקומען זלאַטע.

— שטענדיק זײַט איר פֿאַרנומען, ליפּשיץ, פֿאַרהאַוועט, מע קען מיט אײַך א וואָרט ניט ריידן.

— אז מע איז ניט אליין, מענטש איינער.

— עפּעס, ליפּשיץ, זײַט איר געריכט. פּרומקין איז אין דער היים? געוואָלט אים פֿרעגן.

— פֿרעגן? וואָס האָט איר, זלאַטע, געוואָלט פֿרעגן?

— בא אים, בא פּרומקינען.

— בא מײַן פּרומקינען?

— בא אײַער קוואַרטיראַנט.

זלאַטע, די קלוגע זלאַטע, וואָס ווייסט, דאַכט זיך, אז מיט אָט דעם ליפּשיצן דאַרף מען ריידן געהיט, אָפּוועגן יעדעס וואָרט, זי,

וואָס פאַרשטייט, ווי אַ מענטש דערפילט זיך, ווען מע זאָגט אים עפּעס אַרײַן, האָט ניט געקאָנט באַנעמען, פאַרוואָס ליפשיצעס פּאָ־נעם איז געוואָרן פינצטער.

— וועלכער קוואַרטיראַנט? — האָט ליפשיץ קוים אַרויסגע־רעדט. — בײַ מיר זײַנען קיין קוואַרטיראַנטן ניטאָ.

און זלאַטע פילט נאָך אַלץ ניט, פאַרוואָס ליפשיץ רעדט קוים. זי גיט אים צו פאַרשטיין:

— דער אינזשעניער.

— ער איז אַן אינזשעניער! ער איז פרומקין! ער איז דאָוויד! נאָר קיין קוואַרטיראַנט איז ער ניט! איר הערט? ער איז מײַנער אַן אייגענער, אַ קאָרעוו, אַ נאָענטער.

— אַ קאָרעוו?

— מער ווי אַ קאָרעוו! איר פאַרשטייט. אַן אייגענער! מיט שימענעו פון איין פאָלק, מענטש איינער!

— איך וויל אַן אייצע. זיך בויען צי ניט? הײַנט פאַרשרײַבט מען אין ראַט אויף קרעדיטן. וויל איך זיך הײַנט פאַרשרײַבן.

— הײַנט? אויף קרעדיטן? אַזוי. דאַרף מען זיך אויך גיין פאַר־שרײַבן. אַז איך בין געווען איינער, איז געווען גאָר עפּעס אַנדערש, אָבער איצט, אַ קלייניקייט זאָגן.

— דאַרף איך דאָך געוויס! בײַ מיר איז אַ מיידל. אַ גוטן! — זי גייט אַוועק.

ליפשיץ איז ווידער געבליבן אַליין. ער נעמט אַרומגיין איבערן צימער. ער פילט, אַז אַליין קאָן ער ניט זײַן. זאָל קומען ליבע, זאָל קומען זלאַטע. זאָל שוין דאָוויד קומען! ער גייט צום אַלמער, עפנט אויף די טירלעך, נעמט אַרויס דאָווידס מיליטעריש רעקל מיט אָר־דענס און מעדאַלן, הענגט עס אויף אויף אַ שטול. איצט, דוכט אים, איז ער ניט אַליין. דאָוויד איז מיט אים. ער באַטראַכט מיט ליב־שאַפט דאָס רעקל.

— ליבע האָט אַ זיידן. זלאַטע — אַן אייניקל. וועמען האָב איך? — פלוצלינג גיט ער זיך אַ כאַפּ: — אַזאַ רעקל האָט געוויס געטראָגן שימען. ער מאַכט צו די אויגן און דערזעט זײַן שימענען, אַ לעבעדיקן, אַ יונגן, אַ פריילעכן. דאָס זעלבע רעקל, די זעלבע אָרדענס און מעדאַלן. ער עפנט די אויגן און זאָגט צו זיך אַליין: — שימען, שימען... אַ זון געהאַט — איז ער ניטאָ. אַ טאָכטער —

ניטאָ, א ווײַב, קרויווים — ניטאָ. איינער אַליינ. שימענ, זונ מײַנער...

ער נעמט ארומלויפנ איבערנ צימער, ער רעדט עפּעס צו זיכ, גאָר ווייסט אַליינ ניט וואָס. ער וויל גיינ פּאמעלעכ, לאנגזאמ, קאָנ ער ניט. אז ער אײַלט — איז אימ גרינגער.

אינ צימער איז שוינ טונקל. דער טאָג איז פארגאנגענ, דער אָוונט — אוועק. די נאכט איז געקומענ. ליפשיצ שטייט באַמ פענצ־טער אונ קוקט ארויס צומ שטילנ דרויסנ. אמאָל האָט ער דורכ דעמ פענצטער געזענ א סאכ דעכער, אָנ א שיר ליכטיקע שויבנ, צעגרינ־טע צווײַגנ אפ די ביימער אונ ביידע גאנצע ווײַזערס אפנ גרויסנ זייגער. אונ איצט?

איצט וויל ער דערהערנ א באקאנטנ טראָט אפ דער גאס.

2

פרומקינ איז געקומענ.

ליפשיצ צינדט אָנ דאָס קעראָסינ־לעמפּל. פרומקינ דערזעט אפנ שטול זײַנ רעקל אונ פרעגט פארוואונדערט:

— ווי קומט עס אהער?

— פארשטייסט... אַליינ איז מיר געווענ אומעטיק. וואַש זיכ. קומ, כ'וועל דיר אופגיסנ. א גאנצנ אָוונט פארפאלנ געוואָרנ.

פרומקינ פארקאשערט די ארבל, שפּיליעט אָפּ דעמ קאָלנער פונעמ העמדל, נעמט זייפ. ליפשיצ שטייט מיט א גרויסער מעש־ענער קוואָרט אונ גיסט וואסער.

— א דולער טאָג געווענ, — זאָגט פרומקינ, — אלצ, דאכט זיכ, ריכטיק, אלצ, דאכט זיכ, אויסגערעכנט, אונ עס קלעפּט זיכ ניט. אלצ קאפּויר...

— וואָס רעדסטו? — שרײַט אויס ליפשיצ. זײַנ האנט ניט א ציטער, די קוואָרט — א טרייסל, דאָס וואסער — א שפּריצ. — וואָלסט געשיקט אָנזאָגנ, וואָלט איכ געקומענ, יאָסע, שבֿיגים. די גאנצע גאס וואָלט ארויס. מענטש איינער.

— א טאָעס. א קליינ פעדעמל ניט דערזענ, פארגעסנ א שרײַ־פעלע, פאלט פונ די הענט, ענדיקט זיכ די וועלט. אונ איר, ליפשיצ, זאָגט: פארפאלנ געוואָרנ...

פּרומקינען איז הײַנט א גאַנצן טאָג שווער, איז פאַר וועמען זאָל ער זיך אויסריידן? ניט פאַר אַלעמען קאָן ער, ניט פאַר יעדערן באַסט. האָט ער אָנגעקלונגען צום סעקרעטאַר פון שטאָט־קאָמיטעט. און איוואַן פּעטראָוויטש האָט שוין לויטן געשפּרעך אין טעלעפאָן פאַרשטאַנען, וואָס פּרומקין וויל. א שווערע שטימונג בא פּרומקינען — פּעדראָטאָוו איילט אפ דער סטאַנציע. איוואַן פּעטראָוויטש ווייסט: בא אזא מענטשן איז א שווערע שטימונג דעמלט, ווען ער קלײַבט זיך א סאַך און וויכטיקס אופּטאָן און נאָך ניט אַלץ איז אים קלאָר. נאָך אזא שטימונג קומט די צײַט פון גוטער, ענערגישער אַרבעט. ער איילט צו פּרומקינען, זאָל ער זיך אויסטײַנען, אַז אים פעלן מענטשן, אַז אים קלעקט ניט קיין אינסטרומענטן, אַז ער באַקומט ניט קיין בוי־מאַטעריאַלן. ער וועט זיך אויסריידן, וועט ער שוין נאָכדעם געפינען אן אײַצע. און עפּשער וועט מען אים טאַקע מיט עפּעס דאַרפן העלפן אויך. פּרומקין איז א מענטש, וואָס קאָן און וויל. וויבאַלד א מענטש קאָן און וויל, וועט ער אַלעמאָל געפינען אן אויסוועג.

איוואַן פּעטראָוויטש, ווען ער קומט צו אויסהערן פּרומקינס מײַנען, לאָזן יענעם זיך אָפּריידן דאָס האַרץ, וועט ער, פאַרשטייט זיך, מיט א האַלב וואָרט אפילע ניט פרעגן, ווי די בויונג גייט. ניט נאָך דעם איז ער געקומען. ער האָט אָבער א שאַרף אויג. געגנוג אים פאַרבײַגייענדיק א קוק טאָן, ער זאָל וויסן, וויפל נײַע ציגל האָט מען אויסגעלייגט. פּרומקין פאַרשטייט עס. דעריבער קען ער ניט זײַן אינגאַנצן רויק. יאָ, ריידן וועט מען ניט, אָבער אָפּשאַצן וועט מען. אפ פּעדראָטאָווס פּאָנעם, זעט ער, איז אָנגעשריבן: „וואָס פאַר לאַנגט ער, דער באָכער, בא אים גייט דאָך אַלץ קעשורעס?" ווי פּרומקינען זאָל ניט זײַן שווער, קען ער ניט ניט פילן קיין פאַרנע־ניגנג. ער אַליין אָבער ווייסט, הײַנט און מאָרגן וועט טאַקע גיין קעשורע, די אומרויקײַט איז אָבער בא אים פאַר די קומענדיקע טעג, דאַרפן וועט קומען די שוועריקײַט.

אז פּרומקין איז געקומען אהיים, איז אים שוין געווען לײַכטער, אַלץ וועט גוט זײַן. פאַר ליפשיצן האָט ער זיך נאָר געוואָלט פאַר־ענטפערן. פאַרוואָס ער איז אפ א גאַנצן אָוונט פאַרפאַלן געוואָרן.

— און איר זאָגט, ליפשיץ, א גאַנצן אָוונט.

— איך זאָג... כ'מיין דײַן טויווע. און דערצו — א גאנצן טאָג ניט געגעסן.

— געגעסן.

— געגעסן?

— ליבע האָט מעכאבער געווען.

— ליבע? א מענטש האָט א שטוב, עסט ער בא זיך. זעץ זיך צום טיש.

ביידע זײַנען הונגעריק, און ביידע עסן מיט גרויס אפעטיט. א צופרידענער ווישט פרומקין אָפּ די ליפּן און זאָגט:

— זייער געשמאַק. איר זײַט א גוטער באַלעבאָס, ליפּשיץ.

— איך בעט דיך, אירץ מיך ניט, זאָג מיר „דו", ווי אַנ אייגענער.

— ווי זאָגט מען עס אַנ עלטערן מענטשן „דו", כאָטש ליפּשיץ?

— נו גוט, מיט דער צײַט וועסט זיך צוגעוווינען, עס, עס. ווייסט, וואָס איך וויל דיר זאָגן, דאָוויד, צײַט זיך נעמען בויען. מע דאַרף זיך בויען.

ליפּשיץ פילט, אז עס גייט אים דורך א ציטער איבערן לײַב. וואָס וועט ענטפערן דאָוויד?

— אומבאַדינגט זיך בויען!

ליפּשיצן ווערט פרייליך. ער נעמט זיך גיך באַוועגן, ווי ער וואָלט געווען פול מיט קוועקזילבער. ניט ער רעדט, נאָר עס שרײַט ארויס פון אים.

— עמיצס? מיט גרויסע פענצטער! מיט ליכטיקע צימערן! מיט ביימער ארום! — ער באַטראַכט פרומקינען, דערמאָנט זיך עפּעס, זײַן פריילעכקײַט פאַלט. ער זאָגט שטיל: — און דו? ליבע...

— ליבע?

— בא מיר איז אַלץ אָפּן, אַלץ דערצייל איך. און דו, דאָוויד, ווי איך וואָלט געווען א פרעמדער. ביסט פארשלאָסן.

— עפּעס! — שמייכלט דאָוויד.

— דער שליסל איז ניט אין מײַנע הענט, מענטש אײנער, — זאָגט ליפּשיץ באַליידיקט.

— אין וועמענס?

— אין א מיידלס.

— איר ווילט עפּענען מײַן שלאָס מיט א פּראָסטן שליסל. א מיידל... געווען א מיידל, געהייסן עסטער, געדאַרפט זײַן מײַן קאַלע. איך ווייס, זי לעבט ניט, און דאָך... בין איך גרייט זי זוכן.

— זוכן?

— זינט איך בין אהער געקומען, דוכט זיך מיר, איך וועל זי געפינען. איך האָב נאָר מוירע געפינען ניט מער ווי אן ענלעכקײַט, אן אָנבליק. איר פאַרשטייט, ליפשיץ? איר מיינט אוואדע, אַט דעם פרומקינען איז גוט. ער האָט ניט קיין זאָרגן, ער האָט ניט קיין צאַרעס, ער האָט קיינעם ניט אָנגעוואָרן. ער בויט א סטאַנציע, נו איז וואָס? און ביכלאַל. א מענטש מיט מאַזל. אַלץ גייט בא אים גלאַט. און פרומקין, פאַרשטייט איר מיר, ליפשיץ, פרומקין זוכט און ווייסט — אומזיסט זוכט ער. ער וואַרט, נאָר פאַרשטייט, אז אומזיסט וואַרט ער. ער וועט בלײַבן צום נאַר. סײַווי וועט ער געפינען ניט מער ווי ענלעכס.

— פאַרוואָס ענלעכס?

— יאָ. איר זאָגט ליבע... אַט עסטער, ס'איז ניט זי, און דאָך ענלעך.

צו ליפשיצן איז אינגאַנצן ניט דערגאַנגען, פונוואַנען עס האָט זיך גענומען אהער עסטער, ער האָט דאָך וועגן איר אפילע ניט דערמאָנט. איז פונוואַנען?.. טאַקע? באַוויזן האָט זיך גאָר עסטערס באָבע — זלאַטע.

— מע קאָן?

אַלץ, וועגן וואָס מע האָט ביז איצט גערעדט, האָט ליפשיץ אופגענומען ווי א מישפּאָכע־זאַך, א פרעמדער אויער טאָר עס ניט הערן. וויבאַלד עס איז געקומען א זײַטיקער מענטש, דאַרף מען אָנהייבן ריידן פון עפּעס אַנדערש, זײַטיקס.

— אוואדע, אדעראבע. דאָוויד, זלאַטע וויל בא דיר פרעגן אן אייצע. זעצט זיך, זלאַטע.

זלאַטע האָט זיך גלײַך דערפילט היימיש.

— פרעגן אן אייצע, א וואָרט ריידן, אז מע זיצט צווישן פיר ווענט. עסטערקע איז נאָך ניט געקומען.

— אזוי שפּעט? — פרעגט פרומקין.

— זי גייט אוועק פרי און קומט שפּעט.

— א גוט אייניקל בא אײַך, — זאָגט פרומקין.

— א גוטס... — ענטפערט זלאַטע זייער גלײַכגילטיק, — א

בעמערט. איינ ביטאָרג נאָר, — איר פּאָנעם איז געוואָרנ ערנסט אונ פּאורדיגעט, — זי גייט איינ ערגעץ ניט אַרויס.

ליפּשיצנ געפעלט ניט דער שמועס. ניט אומזיסט קומט זי, זלאַט־מע, עפּעס חאָט זי א מיינ. צי׳שטויסט ער זיכ ניט אָנ, וואָס זי וויל. ער מישט זיכ אריינ אינ שמועס:

— זאָגט איר, זלאטע, איר ווילט זיכ בויענ אונ דארפּט אנ אייצע.

— יאָ, — ענטפערט זי, — איכ וויל זיכ בויענ אונ דארפ אנ אייצע. מיר איז אומעטיק אליינ, איר איז אומעטיק אליינ.

— אליינ? — פרעגט ליפּשיצ, — וואָס הייסט אליינ? איר זייט דאָכ צוזאמענ.

— יונג מיט יונג איז צוזאמענ, אלט מיט יונג איז ניט צו־זאמענ.

— איר זייט ניט קיינ באָבע?

— א באָבע, אונ א מאמע, אונ א טאטע, אונ א שוועסטער.

— איכ פיל אייכ מיט, זלאטע.

— אָבער דאָס איז דאָכ ניט אלצ, יאנקל.

— ניט אלצ? אינ דעמ איז מיינ מאזל.

— מיר מיט דיר, יאנקל, דארפנ מאזל. קינדער דארפנ גליק.

ליפּשיצנ דוכט, אז ער נעמט פארשטיינ, ווהינ די קלוגיטשקע זלאטע צילט. ער געפינט אָבער ניט קיינ מיטל, וויאזוי אפנ זעלבנ קלוגיטשקנ אויפנ אָפּצושלאָגנ אירע רייד, זאָגט ער מיט אומצו־פרידנקייט:

— איז ווענ רעכנט איר זיכ בויענ? וואָס פאר אנ אייצע קענסטו זיי געבנ, דאָוויד, בויענ?

— אומבאדינגט, — ענטפערט פרומקינ.

— בא מיר וואָלט איר געפוילט, אָבער זאָגט עס איר, עסטער־קענ, איר פארשטייט.

— זי וויל דענ ניט? — פרעגט פרומקינ.

— כ׳וויים דענ, וואָס קינדער ווילנ?

מער קענ ליפּשיצ ניט אויסהאלטנ. זי, זלאטע, שפילט א שפיל. ער האָט פיינט צו שפילנ אינ „קאצ אונ מויז”. ער זאָגט אופגע־רעגט:

— וואָס ווילט איר אָבער זאָגנ, זלאטע?

— גאָרניט, אַן אײַצע.

עס קומט יאָסע און זאָגט אַן:

— איך ראָט פֿאַרשרײַבט מען אָפּ קרעדיטן. מײַן ליבע איז זיך אווען פֿאַרשרײַבן.

— קרעדיטן? — האָט זיך זלאמע א כאפּ געטאָן. — איך גיי, איך גיי זיך פֿאַרשרײַבן אָפּ קרעדיטן. — זי איז אין אַנילעניש ארוים.

— נו, און וואָס זאָלן מיר ווארטן, דאָווידן? איך גיי אויך! — מיט דער זעלבער אַנילעגיש איז אוועק אויך יאנקל ליפשיץ.

## 3

— איר זײַט א קאָמוניסט, כאווער פרומקין, דארפֿט איר מיך אויסהערן. איך לײַד פֿון דעם, וואָס איך האָב ניט פֿאַר וועמען אויסצודערציילן מײַן בייזקײַט, בלײַבט זי בא מיר. און אז בא א מענטשן בלײַבט בייזקײַט, עסט עס אים, טאָפּשעט, ווי א וואָרעם. איך וויים, אז ווען בא קאָמוניסטן איז שווער אפֿן הארצן, גייען זיי אין פּארטיי־קאָמיטעט זיך אויסריידן. איך קום צו אײַך, איר זײַט מײַן פּארטיי־קאָמיטעט.

יאָסע, ווי ער האָט נאָר א פֿרײַע שאָ, קומט ער אָפּ דער עלעקטראָ־סטאנציע, און ווען ער איז שוין אָפּ דער סטאנציע, העלפֿט ער לייגן ציגל, גיט אייצעס, זאָגט מעוויינעס — אַן אַלטער געניטער מוליער. פרומקין געפֿעלט אים. זינט פרומקין איז געקומען און בויט די סטאנציע, האָט יאָסע דערפֿילט, אז ער האָט ווידער אַן אינטערעס אין לעבן. ערשטנס, איז פרומקין צופֿרידן, ווען ער, יאָסע, קומט, ער הערט אים אוים, ער פֿרעגט אים אַן אייצע. צווייטנס, פֿילט יאָסע, אז ווען די סטאנציע וועט געבן שײַן, וועט ער אין דעם אויך האָבן א ביילעק, א קליין ביילעקל... באקאנטע און שכייניס באמערקן, אז דער אַלטער יאָסע איז איצט אָפּט גוט אופגעלייגט. דאָס פּאָנעמ — ליכטיק, דער קאָפּ — פֿול מיט גוטע אײַנפֿאַלן. ער האָט ווענגן וואָס צו טראכטן און פֿאַנטאזירן. ער איז דעמלט גאָרניט קיין בייזער, ניט קיין שרײַער, נאָר, פֿאַרקערט, א מענטש, וואָס וויל אלעמען זאָגן א גוט וואָרט.

— כאווער פרומקין, אמאָל, אז איך פֿלעג קומען נאָך דער אר־

בעט א מידער אהיים, האָב איך ליב געהאַט שמילקעס, רויקעס. א פליג האָט א זשום געטאָן, איז מיר שוין נעווען איבעריק. היינט קאָן איך קיין רויקעס ניט פארליידן — דער קאָפּ ווערט ווי א געשוואָלענער. איך מוז זיך פארטומלען, אז קיין ראיוינעס זאָלן ניט קומען.

— און אז זיי קומען, כאוועד יאָסע?

— איך זאָל קיין אייניקל ניט האָבן, וואָלט מיך ניט געארט. א מענטש אליין — איז די נעשאָמע ריין. אליין געזינדיקט — אליין געשמיסן. אָבער אן אייניקל... היינט טראָגט מען פאר אן אייניקל מער אכרייעס, ווי אמאָל פאר א גאנצער איידע יידן. ליבע איז א מיידל פון גרוים משיקאוועס, זי וויל אלץ ווינן, אלץ זען. זי וויל אויך לאכן און טאנצן. זאָג איך איר: טאָכטער, און טאכלעס? ענט־פערט זי: זיידע, ביסט אן אומפארטייישער באָלשעוויק און ביסט ניט באוווסטזיניק צו היינטיקער יוגנט.

— וואָס הייסט בא אייך טאכלעס? כאסענע האָבן?

— פאר דער מילכאָמע, טייערינקער, וואָלט איך ניט געלאָזט אזוי פרי כאסענע האָבן, זאָל א מיידל זיך אויסטאנצן און אויס־לאכן. פון הונדערט זעכצן מאן א מישפּאָכע זיינען מיר געבליבן צוויי — איך און ליבע. איך? א צעטאָמשעטער בעניאק! די גאנצע האָפענונג איז זי, ליבע. א האָפענונג פון דוירעס.

— און זי, ליבע?

— אן אויסקלייבערקע, אן איבערקלייבערקע, וויל דאָס טעלערל פון הימל. ניין, ניט דאָס זאָג איך... זי וויל גאָרניט. זי טראכט גאָרניט, נאָך די צייט ניט געקומען. א קינד. א צעמעלע האָט זי אויסבאהאלטן און טראָגט זיך מיט דעם ארום, האָב איך עס צעריסן.

— צעריסן? און זי? ליבע?

— פריער געוויינט. דערנאָך צונויפגעקליבן די שטיקלעך און באהאלטן.

— באהאלטן? די שטיקלעך?

— און טראָגט זיך מיט דעם ארום. א קינד.

— א ווייל אייניקל בא אייך. א גוט מיידל ליבע.

— א ווייל אייניקל, זאָגט איר, א גוט מיידל ליבע... אן איינגן

קינד קענ איכ ניט ליבנ. ניט אזא כאראקטער בא מיר. איכ קענ ניט. זײַט געזונט.

פרומקינ איז געבליבנ אלײנ.

4

דאָוויד פרומקינ איז געבאָרנ געװאָרנ מיט עטלעכע יאָר פאר דער רעוואָליוציע. זײַנ טאטנ האָט ער ניט געקענט. ער איז פרי געשטאָרבנ. דערצויגנ האָט אים די מאמע.

די מאמע זײַנע סימע איז געוואָקסנ בא עלטערנ, וואָס האָבנ פארשטאנענ, אז קינדער דארפ מענ לערנענ, נאָר וואָס האָבנ ניט געהאט קײנ מעגלעכקײַט צו געבנ די קינדער בילדונג. אָבער צוויי קלאסנ מוז דאָכ א קינד ענדיקנ, מענ אפילע די מישפּאָכע ניט דערעסנ. זאָל עס קענענ א בריוו אָנשרײַבנ, וויסנ די „טאבליצע אומנאָזשעניע”... אז ניט, וועט דאָכ א קינד די עלטערנ פארשילטנ. סימע איז געוועזנ זייער א פליִסיקע, זי האָט ניט געוואָלט אוועקגײנ פונ דער שול, נאָר קײנ ברײרע איז ניט געוועזנ. זי האָט געארבעט אונ אלײנ זיכ געלערנט. זי האָט זיכ געכאוועט מיט די שילערנס, אויסגעפרעגט בא זײ די „אוראָקעס” אונ באנאכט זיי געגרייט. זי איז ניט געוועזנ קײנ איבעריקס שײנע, נאָר א פעסטע, געזונטע, א ברײטפלײציקע, א פולע, מיט א בלאס פּאָנעמ אונ א קאָפּ שווארצע הארטע האָר, וואָס האָבנ אויסגעזעענ ווי איבערגעטריקנטע, יעדע האָר לעבט פאר זיכ. אויגנ האָט זי געהאט די קליגסטע אינ דער וועלט. לאנג קוקנ אינ זײ האָט מענ ניט געקענט. מע האָט געדארפט אלײנ האָבנ א סאכ סײכל אפּ קענענ קוקנ אינ אזוינע פעכ־שווארצע, טיפקלוגע אונ עטוואָס פארזאָרגטע אויגנ.

— סימע, — פלעגט מענ צו איר אינ שפּאס זאָגנ, ווענ זי איז נאָכ געוועזנ א יונג מײדל, — זאָלסט זיכ ניט דערוועגנ אלײנ ארויסגײנ אינ וואלד, אפּנ שאָסײ. גאזלאָנים וועלנ דיכ באפאלנ אונ די אויגנ ארויסגאנווענע.

— עפּשער וואָלטנ זײ געגאנוועט מיכ צוזאמענ מיט די אויגנ, וואָלט איכ געווױס געגאנגענ, — פלעגט זי אויכ אָפּענטפערנ מיט א שפּאס, וועלנדיק מיט דעמ זאָגנ, אז אזא פארשוינ, ווי זי, וועט מענ ניט גאנווענע.

אז ס'איז געקומענ די אָקטיאבער־רעוואָליוציע, איז סימע געבליבנ מאמעש ווי געפּלעפּט. דאָס, וואָס זי האָט זיכ דערוווּסט וועגנ סאָציאַליזמ אונ וועגנ לעניגנ, האָט אנטדעקט פאר איר אזא וועלט, וועגנ וועלכער זי האָט אפילע טרוימענ ניט געקאָנט...

זי האָט זיכ אָנגעטאָנ אינ לעדער, האָט קורצ אָפּגעשוירנ די האָר. זי איז געווענ פול אפ אלע מיטינגענ, האָט גאנצע טעג געארבעט אינ דער יידסעקציע פונעמ בילדונג־אָפּטייל.

וועג עמעצער וואָלט זיכ איצט דערמאָנט וועגנ דעמ, אז סימע האָט זיכ אליינ געהאלטנ פאר אזא פארשוינ, וואָס קיינער וועט זיכ ניט כאפּנ זי ארויסגאנוועענ, וואָלט ער איר געמעגט אייציענ ווי געהעריק א קוק טאָנ אינ שפּיגל. מע קאָנ זאָגנ, זי איז געוואָרנ שענער. איר פּאָנעמ איז געווענ בלאס, ווי פריער, נאָר האָט געשיינט מיט יוגנטלעכנ ענטוזיאזמ. צוזאמענ מיט די צעפּ איז פונ איר קאָפּ אראָפּ א שטיק יידישער גאָלעס. נו, אונ די אויגנ? קלוגע, שיינע אונ יונגע.

אינ 1919 יאָר איז זי פריווויליק אוועק אפנ פראָנט. נאָכנ בירגערקריג האָט זי זיכ אומגעקערט צו איר קינד.

דאָס ערשטע וואָרט, וואָס דאָוויד האָט געהערט, איז געווענ „לעניג". קלייגערהייט האָט אימ די מאמע אפ דעמאָנסטראציעס געטראָגנ אפ די הענט. אפ רעוואָליוציאָנערע יאָמטויווימ האָט אימ די מאמע געקויפט מאמאָנעס. אז זי פלעגט אימ ניט האָבנ ווו צו לאָזנ, פלעגט זי אימ מיטנעמענ אפ א זיצונג.

ער איז געווענ א פּיאָנער, דערנאָכ א קאָמיוגיסט, ער האָט גוט זיכ געלערנט, א סאכ געלייענט, ליב געהאט ספּאָרט. צו אכצנ יאָר איז ער שוינ געווענ אפנ ערשטנ קורס פונ אינסטיטוט. ער האָט געענדיקט אפ אינזשעניער־עלעקטריק אונ געקומענ ארבעטנ אינ דער דאָזיקער שטאָט. אויסגעבויט די עלעקטראָ־סטאנציע, האָט ער דערפילט, אז ער מעג ארייַנטרעטנ אינ דער פארטיי. וועגנ א סאכ וויכטיקע טריט, וואָס ער האָט פאָרגענומענ אינ זייַנ לעבנ, האָט ער זיכ בּאראטנ מיט דער מאמענ. אויכ דאָס מאָל האָט ער אָנגעשריבנ א בריוו דער מאמענ אונ געפרעגט אנ אייצע, בא וועמענ געמענ רעקאָמענדאציעס. כאָטש די פרייד איז בא סימענ געווענ גרויס — דער זונ איז אויסגעוואקסנ א מענטש, טרעט אריינ אינ דער פארטיי — האָט זי דערפילט א לייכטנ שטאָכ אינ הארצנ: צווישנ די אלע, בא ווער־

מען דער זון האָט זיך געקליבן בעטן רעקאָמענדאַציעס, איז ניט געווען איר נאָמען. מיט דעם, וואָס זי איז זײַן מאַמע, וועט זי ניט קאַליע מאַכן. מיט דעם, וואָס ער איז איר זון — האָט ער זיך ניט וואָס צו שעמען. זי האָט אים אַפֿן בריוו ניט געענטפֿערט, נאָר מייַקעף אַרויסגעפֿאָרן צו אים און געבראַכט אַ רעקאָמענדאַציע.

אַף דער פּאַרטיי־פֿאַרזאַמלונג האָט זי געבעטן אַ וואָרט. ווען דער פֿאָרזיצער האָט געמאָלדן, אַז סימע פּרומקין, אַ פּאַרטיי־מיטגליד פֿון 17־טן יאָר, וויל געבן אַ כאַראַקטעריסטיק און אַ רעקאָמענדאַציע איר זון, דעם אינזשעניער דאָוויד פּרומקין, אַף אַרײַנטרעטן אין פּאַרטיי, איז געוואָרן אַזוי שטיל, אַז מע האָט געהערט, ווי די זייגערס קלאַפּן אין די קעשענעס. דערנאָך האָט מען לאַנג און רוישיק אַפּלאָדירט.

אָנהייב מילכאָמע איז פּרומקין אַוועק אַפֿן פֿראָנט. סימע האָט זיך אויך געבעטן אין דער אַרמיי — זי זאָל זײַן צוזאַמען מיטן זון. צוערשט האָט מען זי אין דער אַרמיי ניט געוואָלט נעמען, נאָר סאָפּקאָלסאָף האָט זי זיך אײַרם דערשלאָגן. זי איז ניט געווען צוזאַמען מיטן זון, זי איז אָבער געווען אַפֿן פֿראָנט, און דאָס האָט באַמײַנט, אַז זי איז סײַ מיטן זון און סײַ מיטן לאַנד. אַפֿן פֿראָנט איז זי אומגעקומען.

דאָוויד איז געבליבן אַליין.

---

פֿריִער האָט דאָוויד געמיינט, אַז ער איז ניט אינגאַנצן אַליין. אין דער שטאָט, וווּ ער האָט געבויט די עלעקטראָ־סטאַנציע, האָט ער איבערגעלאָזט אַ מיידל, וואָס ער האָט ליב געהאַט. עסטערקע פֿון ראָג שאָלעם־אַלייכעם האָט אים אויך ליב. עסטערקעס ליבע איז מיט אים.

דערנאָך האָט זיך אַרויסגעוויזן: עסטערקען האָבן די דײַטשן געשאָסן.

דאָוויד איז געבליבן אינגאַנצן אַליין.

5

זינט פּרומקין געדענקט זיך, איז ער געווען אַן אינטערנאַציאָנאַליסט מיטן גאַנצן האַרצן, מיט אַלע געפֿילן. ער איז אַ מענטש, אַ קאָמוניסט, אַ ייִד. ער וואָלט געבוירן געוואָרן אַ טאָטער — וואָלט

ער געווען א טאָטער, ער איז געבוירן געוואָרן א ייִד — איז ער א ייִד. דער איקער איז זײַן א מענטש. אזא איז ער איצט. די לעצטע צײַט טראכט ער אָבער וועגן ייִדן מער ווי פריִער. ער וויל וויסן די געשיכטע פון ייִדן. אים איז אינטערעסאַנט, וואָס עס שרײַבן איצט ייִדישע שרײַבער. ווען אים אויסקומען זײַן אין מאָסקווע, וועט ער אומבאדינגט זיך ארײַנכאַפן אין ייִדישן טעאטער. ער וויל שטארק וויסן, וויאזוי בויט זיך ביראָבידזשאן, וועלכע אויסזיכטן זײַנען דאָרט אף א רעפּובליק?

הײַנט האָט ער באזונדערס איבער וואָס זיך צו פארטראכטן. אָט, אײַנטייגער, ליפשיץ קאָן ניט זײַן אליין — אליין איז קיין לעבן ניט, אליין האָט ער ניט קיין האָפענונג און האָט ניט קיין צוקונפט. און ליפשיץ וויל דאַפקע לעבן, ער וויל האָפענונג און וויל צוקונפט. זלאַטע האָט אן אייניקל — וויל זי ראַטעווען איר דאָר, איר שטאַם און וויל אין אורייניקלעך געפינען א נאָמען נאָך זיך. יאָסע זאָגט: אף ליבען קוקן דווירעס. לעבעדיקע, געזונטע מענטשן זוכן לעבן — אין לעבן. ייִדן ווילן לעבן! ווער האָט עס געזאָגט: אָפּגעבראָכענע צווײַגלעך... ווער האָט עס געזאָגט? אונדזער וואָרצל אין דער סאָוועטישער ערד איז ניט גערירט און ניט געוואַקלט. מיט בלוט און שווייס האָבן מיר אים גענערט און געפעסטיקט!

ער נעמט ארומגיין איבערן צימער. ער זינגט:

Если завтра война, если завтра в поход...

ער שטעלט פעסטע טריט אין טאַקט מיט דער ליד. ער פארגעסט, אז ער איז אין ליפשיצעס ניט גרויסן צימער. ער שפּאַנט הין-און-צוריק, זינגט דאָס ליד און זעט פאר זײַנע אויגן ראַכוועסדיקע רוסישע פעלדער, געדיכטע רוסישע וועלדער, ער פילט דעם טרוקענעם, שטאַרקן רוסישן פראָסט, ער זעט שטעט און דערפער, ער זעט דאָס גאַנצע לאַנד.

ער זינגט, שטעלט פעסטע טריט, דערנאָך כאַפּט ער זיך און בלײַבט שטיין. ער גייט צו צום פענצטער און קוקט ארויס אין פינצטערן דרויסן.

הינטער דער טיר דערהערט זיך א שטים.

— באָבע!

פּרומקינ טוט א גיי אָפּ פונ פענצטער אונ בלײַבט שטײנ אינמיטנ צימער. „באָבע"?

— באָבע... — דערהערט זיכ ווידער די זעלבע שטים. עסטערס שטים.

— קומט ארײַנ. די באָבע זלאַטע וועט אינגיכנ קומענ.

עסטער קומט ארײַנ אונ זאָגט:

— א גוטנ־אָוונט.

## דריטער קאַפּיטל

### 1

אמאָל דובט, אז געווענ איז עס נעכטנ...

אָנהייב זומער. די שול איז געענדיקט. די ייִנגלעכ אונ מיידלעכ טראַכטנ וועגנ זייער ווײַטערדיקנ וועג. ווער — ארבעטנ, ווער — לערנענ. פונ געוווינהײַט קלײַבט מענ זיכ אלע טאָג אינ שול, אלע צוזאמענ גייט מענ ארומ איבערנ גרויסנ הויף. די מיידלעכ גייענ באזונדער, אונ די ייִנגלעכ באזונדער. דער גרויסער הויף האָט א סעדל מיט עטלעכע אָפּגעקאַלכטע עפּל־ביימער. די מיידלעכ שפּאַצירנ ארומ אינ סעדל.

אָט איז ראָכעלע קאָפּטשיק, א מיידל א דינם אונ אנ איידלם. איר פּאָנעמ גייט לײַכט איבער פונ שמייכל צו טרויער, פונ שפּאַם צו ערנסט. אַפּ אלע אָוונטנ אינ דער ניט־פולער מיטלשול, ווו זי האָט פריִער געלערנט, פלעגט זי ארויסטרעטנ מיט דעקלאַמאַציע. זי האָט גוט געלייענט פּערעצעס „די פרומע קאַצ", האָפּשטיינס „פּראָצעסיע" אונ מאַיאַקאָווסקיס לידער. זי וויל זײַנ אנ ארטיסטנ, ניט איינמאָל האָט זי זיכ שוינ פאָרגעשטעלט, וויאַזוי זי שפּילט אינ א גרויסנ מאָסקווער טעאַטער, אונ נאָכ איר שפּילנ רוישט דער טעאַטער מיט אַפּלאָדיסמענטנ.

צוזאמענ מיט איר גייט פּעסל שעכטער, א ווונקסיק, שיינ מיידל, א פריילעכע, א לאַכערקע. זי טוט אלע ארבעטנ אינ שטוב אונ באַ־ווײַזט נאָכ אירע געציילטע צווײ קליידלעכ פּאַרנ שלאָפּ אויסצוואַשנ

אונ אינדערפרי אויספרעסנ. זי גייט אָנגעטאָנ ריינ אונ אקוראט. מע זעט גאָר, אז אינ די קליידלעכ, וועלכע ווערנ אפ איר גיכ קליינ, לאָזט מענ אָפּט ארויס דעמ „זאפּאס”. איר טאטנ האָבנ נאָכ ביימנ בירגערקריג באנדיטנ געקוילעט. די מאמע אירע וויל, אז די טאָכ־טער זאָל זײַנ א דאָקטער. די יינגלעכ, וועלכע האָבנ ליב צו קוקנ אינ פּעסלס שיינ פּאָנעמ, טראכטנ פאר זיכ, אז פאר איר וואָלט געהײַנ בעסער א מאנ א דאָקטער.

שיינדל שוסטער, וואָס גייט פונ הינטנ, איז א קאפּריזניצע אונ אנ אקשנטע. זי האָט א שלאנקנ, געטאָקטנ קערפּער, זי ווייסט עס, איז זי קאָלט אונ א ביסל גרויסהאלטעריש. זי וויל זײַנ אנ אינ־זשעניער א בויער, זי וויל דערוויזנ, אז מיידלעכ זײַנענ ניט ערגער פונ יינגלעכ.

שעפּסל בענ — א טשיקאווע באָכערל, וואָס האָט זייער אנ ערנסטנ קוק אפ דערשײַנונגענ אונ געשעענישנ, ער איז זייער אנ אָנגעלייענטער, וויל זײַנ א שאכטיאָר גראָד דערפאר, ווײַל בא יידנ זײַנענ קיינ שאכטיאָרנ ניט געווענ. ער זוכט נאָכ ניט־אויסגעטראָ־טענע וועגנ.

טעוויע זלאטקינ — א וויצלינג אונ א שטיפער מיט א שארפנ קאָפּ אפ מאטעמאטיק. ער וויל זיכ לערנענ אזוי לאנג, ביז ער וועט אליינ ווערנ א שאפּאָשניקאָוו אונ וואלצעוו אונ וועט קענענ צונויפ־שטעלנ אנ אייגנ לערנבוכ אפ אלגעברע.

מענדל קאווענאָקע — א הויכער, א ברייטפּלייציקער אונ פוליער. מיט געזונטע מוסקולדיקע הענט, — כעוורע רופנ אימ גאָליאס־האפּלישטי אונ איליא מוראָמעצ, — וויל זײַנ אָדער א מאטראָס אָדער אנ ארטילעריסט.

אונ נאָכ קינדער — אלעמענ ניט צו באשרײַבנ.

— עסטערקע גייט אינ פּעדינסטיטוט, — זאָגט צו אירע כא־ווערטעס סאָרעלע לעווינ, א מיידל, וואָס איז אלעמענ מעקאנע אונ וויל זײַנ אלצ, וואָס אלע אנדערע ווילנ: אי א לערערנ, אי א דאָק־טערנ, אי אנ ארטיסטנ.

— אינ פּעדינסטיטוט? נו, אונ?.. — פרעגט דאָרע סאָנקינ. זי קוקט אפ אירע כאווערטעס אונ איז זיכער, אז זיי פארשטייענ, וואָס דער „אונ” באטײַט. יעדער פונ זיי שמייכלט פאר זיכ אונ שווײַגט. דעריבער מוז שוינ דאָרע פרעגנ גענויער: — אונ עליק?

סאָרעלע לעווינ ענטפערט:

— אז עסטער גייט אינ פעדינסטיטוט, גייט עליק אויכ.

מער זאָגט מענ גאָרנישט, ווײַל יעדעס פונ די מיידלעכ ווייסט, ווענ עמעצער פונ זיי וואָלט ניט געוועג דערבײַ, וואָלט מענ אויכ ווענג איר געקענט פרעגנ אומגעפער אזא פראגע.

די יינגלעכ אינ הויפ גייענ אויכ אלע צוזאמענ, אונ אויכ דאָ דערמאָנט מענ עסטערנ אונ עליקנ. דאָ זאָגט מענ עס אָבער פאַ־שעטער:

— עסטער אונ עליק גייענ אינ פעדינסטיטוט.

יעדער פונ זיי האָט עפשער אויכ געוואָלט זאָגנ, ווּהינ אונ מיט וועמענ ער גייט. איז מענ אָבער נאָכ ניט אינגאנצנ זיכער — ווּהינ אונ מיט וועמענ.

דער טאָג איז א זוניקער, א הייסער. די מיידלעכ לאָדנ אײַנ די יינגלעכ, זיי זאָלנ אויכ ארײַנ אינ סעדל אונטערנ שאָטנ פונ די ביי־מער. אינגיכנ קומענ עסטער מיט עליקנ. זיי זײַנענ געווענ אינ ראַי־קאָמ פונ קאָמיוג אונ האָבנ זיכ צונויפגערעדט ווענג א שפאציר אוי־סערנ שטאָט. זיי וועלנ באקומענ שיפלעכ, זיי וועלנ באקומענ פאַר־שיידענע שפיל-מאכשירימ.

איצט איז שוינ קלאָר, פארוואָס יעדערער פונ די שילער טראָגט א פעקעלע מיט עסנ אינ דער האנט, פארוואָס יעדערער האָט אינ קעשענע א ביסל געלט, פארוואָס אלע זײַנענ יאָמטעוודיק אויסגע־פוצט. מע קלײַבט זיכ נאָכאמאָל צונויפ אפ געזעגענענ זיכ. געלערנט אינ איינ שול, אינ איינ קלאס, געזעסנ אפ איינ באנק, אזויפיל פרייד אונ פארדראָס האָט מענ צוזאמענ איבערגעלעבט. דערווײַל קומט מענ זיכ נאָכ צונויפ. אינגיכנ וועט אָבער יעדערער אוועקגיינ זײַנ וועג, עס וועט זיכ אָנהייבנ פאַר יעדערנ א נײַ לעבנ, נײַע פראגנ, נײַע באקאנטע, נײַע אינטערעסנ. די שול־יאָרנ וועלנ בלײַבנ ניט מער, ווי א דערמאָנונג, א גוטע, אָנגענעמע דערמאָנונג. די קינדער ווילנ די שול־יאָרנ פארלענגערנ נאָכ אפ עטלעכע טעג. נאָכאמאָל זיכ באַ־געגענענ, דערמאָנענ די לערער, די אָוונטנ אונ פארזאמלונגענ, דעמ שול־זשורנאל, די לידער, וואָס מע האָט געזונגענ, דאָס קאָמיוג־קעמערל. פאראנ איז צווישנ זיי נאָכ אזוינס, וואָס ריידנ אונ דער־ציילנ ווענג דעמ איז שווער. קיימאָט יעדערנ פונ די יינגלעכ דוכט זיכ, אז ער האָט ליב עמעצנ פונ די מיידלעכ. אויכ קיימאָט יעדערער

פֿון די מיידלעך ווײַזט זיך אויס, אַז זי איז ניט גלײַכגילטיק צו עמעצן פֿון די ייִנגלעך. אָבער גערעדט וועגן דעם האָט מען נאָך איינס מיטן צווייטן ניט. און באַגעגנט אַליין האָט מען זיך אויך ניט. באַטש די וואַרעמע און צײַטערדיקע הענט באַם באַגריסן זיך האָט אַ סך, אַ סך געזאָגט. אָט האָט מען שוין די שול געענדיקט. מער וועט מען זיך שוין יעדן טאָג ניט באַגעגענען. וואָס וועט זײַן מיט זייערע געפֿילן, סימפּאַטיעס? צי וועט זיך עפּעס פֿאַרקניפּן אָדער עס וועט צעגיין ווי אַ רויך?

אַלע, אַלע זײַנען צופֿרידן פֿונעם שפּאַציר. דער טאָג איז פֿול מיט העלקײַט. דער גאַנצער וועלט איז הײַנט גוט, און זיי, די ייִנגלעך און די מיידלעך, איז בעסער, דוכט זיך זיי, ווי אַלעמען.

דער טײַך שטראָמט געלאַסן, מיט אַ שטיל געזאַנג. אינמיטן טײַך טראָגט דאָס וואַסער אַוועק מיט זיך דעם אָפּשײַן פֿון די זונשטראַלן, וואָס גליטשן זיך איבער זײַן אויבערפֿלאַך. בײַ די ברעגן— דעם אָפּגלאַנץ פֿון ביימער און צווײַגן, וואָס שפּיגלען זיך אָפּ אין אים. איבערן טײַך גייען פֿליטן. באַם ברעג אינעם זאַמד שפּילט זיך קליינוואַרג מיט מויערקעפּלעך און געשליפֿענע שטיינדלעך. אין דער שטילקײַט רײַסט זיך אַרײַן דער פֿריילעכער טומל פֿון די שילער מיט די פּעקלעך אין די הענט. זיי זעצן זיך אַרײַן אין שיפֿלעך, און אינגיכן דערטראָגט זיך שוין זייער געזאַנג פֿונדערווײַטן.

## 2

אַז עליק טרעט ניט אָפּ פֿון עסטערן, האָבן אַ סך באַמערקט. און פֿאַרשטייט זיך, פֿריִער פֿאַר אַנדערע — עסטערס כאַווערטע, מינע אײַזנשטיין. עסטער מיט מינען האָבן געלערנט אין איין קלאַס, אין איין שול, צוזאַמען געענדיקט. די שילער, די לערער, די באַקאַנטע האָט געוווּנדערט זייער כאַווערשאַפֿט. זיי פּאַסן אַזוי ניט איינע צו דער אַנדערער. וואָס פֿאַרבינדט זיי? ס׳האָט אַלעמען גע־וווּנדערט, און אַמאָל האָט געדוכט, אַז זיי אַליין ווונדער׳ט דאָס אױ׳ך.

מינעס אויסזען: געווּנג וווּקסיק, געווּנג שלאַנק. די נאָז — אַ נאָז ווי בײַ אַלע מענטשן, דערמאָנט אָבער מיט איר ביינערדיקײַט אָן אַ שנאָבל פֿון אַ וואַלד־פֿויגל. אירע אויגן זײַנען שוואַרצע, נאָר שלאָגן אָפּ מיט גרינקײַט. מע קען ניט זאָגן, אַז מינע איז ניט קיין

שיינע. נאָר איר שיינקייט איז אָנ א סימפּאטיע, איר פּרוויִשקייט אָנ כיינ, איר בליק אָנ וואַרעמקייט, איר טראָט אָנ לייכטקייט. די מיידל־שע זינגעוודיקייט, דער ווייבלעכער כיינ, די יוגנטלעכע נאַיִווקייט אונ שמייכלענדיקע שעמעוודיקייט זיינענ אינ איר ניט אויפגעגאַנגענ, ערגעצ פארקילט געוואָרנ אונ ניט אופגעבליט. זי וויל אומעטומ זיינ די ערשטע אונ די בעסטע. זי איז געווענ א גוטע שילערנ ניט ־ער־פאר, ווייל זי האָט פעיִקייטנ, נאָר ווייל זי וויל זיינ בעסער פונ אנ אנדערנ. דאָס לערנענ האָט זיכ איר שווער געגעבנ. זי איז אָבער איינגעשפּארט געזעסנ ביז שפּעט אינ דער נאכט אונ געלערנט. באַזונדערס שווער איז איר געווענ מאטעמאטיק. מיט ליטעראטור איז גא איר בעסער.

מיט מיידלעכ האָט זי זיכ קימאט ניט געכאווערט, ווייל סאָפּקאָל־סאָפ זיינענ זיי אלע לאכערקעס, קאווּאַלעריכעס, „ציפּ־צאָפּ־הינדע־לעכ”. זי האָט זיכ געוואָלט כאווערנ מיט יִנגלעכ. דאָס וואָלט הייסנ, אז זי טיילט זיכ אויס, אז זי האָט א מאנצבלשנ קאָפּ. האָבנ אָבער די יִנגלעכ ניט געוואָלט. ווי א מיידל איז זי ניט סימפּאטיש, ווי א כאווערטע ניט הארציק אונ ניט איבערגעגעבנ.

זי וועט זיינ א שרייבערנ — דאָס איז באשלאָסנ. אגעוו, האָט עס איר אויסגעזענ זייער לייכט. זי האָט זיכ שוינ פאָרגעשטעלט איר פאמיליע אָפּגעדרוקט אינ א צייטונג, אינ א זשורנאל, אפּ א בוכ. זי האָט וועגנ דעמ געטרוימט, געכאָלעמט, נעכט ניט געשלאָפנ.

מיט עסטערנ האָט זי זיכ געכאווערט, אלצ איר אָנגעטרויט.

אפּ מאָרגנ נאָכנ שפּאציר פונ די שול־כאווירימ איז זי געקומענ צו לויפנ צו עסטערנ אונ זי אוועקגעשלעפּט אפּ א „סעקרעט”.

— מע קאָנ דיכ באגריסנ, — האָט זי געזאָגט, — אזא דערפאָלג!

עסטער האָט ניט פארשטאנענ.

— נו, טייערינקע, מאכסט זיכ ניט ווּיסנדיק, איכ ווייס אלצ.

— אונ איכ ווייס גאָרנים. דערציילל, אדערבא.

— עליק. דער בעסטער שילער. מע זעט פאר א מייל, אז ער איז פארליבט.

— אינ וועמענ?

— אין דיר!

— און איך ווייס ניט.

— דו ווייסט אפילע ניט, אז דו ביסט אין אים פארליבט?

— דו ביסט אין דעם זיכער?

— טײַערינקע, — ענטפערט מינע, — איך ווינטש דיר גליק.

ער האָט א גרויסע צוקונפט, אלע מיידלעך זײַנען דיר מעקאַנע.

אָט דאָס איז געווען „מיט פינף יאָר צוריק און ביז הײַנט".

3

— גוטן־אָוונט, גוטן־אָוונט! — האָט פרומקין באַגעגנט עס־טערן. — די באָבע וועט באַלד קומען, אוועק אין ראַט.

— אין ראַט?

— פארשרײַבן זיך אף בויען.

— אליין אוועק?

— מיט וועמען האָט זי געזאָלט גיין?

— מיט מיר.

— זי זאָגט, אײַך אינטערעסירט ניט...

עסטער איז געוואָרן שטאַרק אומצופרידן און אים איבערגע־שלאָגן אינמיטן די רייד.

— אלעמאָל אזוי. פונקט ווי עמעצן זאָל ארן, וואָס מיך אינ־טערעסירט יאָ, וואָס מיך אינטערעסירט ניט.

זי האָט געוואָלט אוועקגיין. פרומקין האָט זי געבעטן וואַרטן. ער האָט, אפּאַנעמ, געוווּסט, מיט וואָס זי צו פארהאלטן.

— איר ווייסט, אינגיכן וועט די עלעקטראָ־סטאַנציע זײַן פארטיק. ענערגיע פאר די אונטערנעמונגען, שײַן פאר דער שטאָט.

— פאר דער גאַנצער שטאָט?

— פאר דער גאַנצער שטאָט. איר האָט ליב, ווען עס איז ליכטיק? פון אלע זײַטן שײַן, קיין שאָטן קאָן ניט פאלן.

עסטער האָט ניט גלײַך געענטפערט, זי האָט א ווײַלע געטראַכט און ערשט דערנאָך געזאָגט:

— כ'האָב ליב.

— ליכטיק וועט זײַן אין דער גאנצער שטאט. נאָר פאַרוואָס דוכט מיר, אז איר, עסטער... זוכט אַלץ שאָטן.

— איך בעט אײַך ניט ריידן וועגן דעם.

זיי האָבן ניט גערעדט. ביידע האָבן געשוויגן. אין זייער שווײַגן איז געווען שוטפעסדיקס. און ווי מאַכנדיק אַ אויספיר פון זייער שווײַגן, האָט פרומקין געזאָגט:

— סײַווי... זינט איך האָב אײַך דערזען...

— כאַווער פרומקין... — זי האָט אָנגעהויבן זייער שטיל, און איר שטים האָט אפילע געציטערט. זי האָט אים געוואָלט בעטן, ער זאָל אזוינס ניט ריידן, נאָר זי האָט עס ניט געטאָן. איר איז פּלוצלינג געוואָרן אַלציינס, וואָס ער זאָגט און ווי ער זאָגט. איר איז עפּשער אפילע געווען אַלציינס, צי ער איז דערבײַ צי ניט. זי וויל גאָר אַליין איצט זאָגן דאָס, וואָס זי האָט געוואָלט לאנג זאָגן, וועגן וואָס זי האָט אזויפיל מאָל געטראכט.

— א ליבע קומט מער ניט.

זי האָט ניט געוואַרט אפ זײַן ענטפער. סײַווי האָט ער גאָרניט געזאָגט. ער האָט נאָר געהערט. און לויטן הערן האָט מען געזען, אז ער פילט און פארשטייט.

ווי פאַרזעצנדיק אירן א געדאנק, האָט זי פארטרויט:

— יאָ, ער פלעגט מיר זאָגן „מײַן איינציקע”.

ביידן, דוכט זיך, איז דעם אָוונט גוט געווען.

אפ מאָרגן איז ביידן געוואָרן שלעכט. פארשטייט זיך, עסטער האָט ליב עליקן פון פארפינפיאָרן ביז שטענדיק, פרומקין האָט פונקט אזוי ליב זײַן עסטערן. ביז איצט האָבן זיי אָבער געהאלטן זייער סאָד אין זיך, איז עפשער ניט קעדײַ געווען אים עמעצן צו פארטרויען? פארוואָס זײַנען זיי אזוי אומרויִק? פארוואָס פארדריסט עס זיי?

## פערטער קאַפּיטל

### 1

זינט די עלעקטראָ־סטאַנציע בויט זיכ, איז דער שפּאַציר אינ שטאָט געוואָרנ פאַרבײַ דער סטאַנציע — אַפ דער אינטערנאַציאָנאַלער גאַס.

אַפ איינער פונ די לעצטע פאַרמילכאָמעדיקע שטאָטישע פאַר־מיר־קאָנפערענצנ האָט די גאַס פאַרנומענ א פּנימ אָרט אינעמ באַריכט פונ דעמ סעקרעטאַר. ביז דער רעוואָליוציע האָט די גאַס געהייסנ: די קרומע. זי איז טאַקע געווענ קרומ אונ לאַנג, מיט באַט־קעס, ווי הינער־שטײַגנ, מיט בלאָטיקע פינצטערע הויפנ. אינ די לעצטע יאָרנ פאַר דער פּאָטערלענדישער מילכאָמע איז זי געוואָרנ איינע פונ די שענסטע גאַסנ אינ שטאָט. אַנטקעגנ דער עלעקטראָ־סטאַנציע איז געשטאַנענ א גרויסער, שיינער, סאָלידער מויער — דער מעלובער־באַנק. עטוואָס ווײַטער — א פּרײַלעכע, שטענדיק באַלויכ־טענע געבײַדע — די קינאָ „אינטערנאַציאָנאַל״. נאָכ ווײַטער — א הויז מיט א סאַכ באַלקאָנעס אונ א סאַכ פענצטער. דאָ האָבנ זיכ געפונענ אַלע צוזאַמענוווינונגענ פונ די סטודענטנ. לעבנ דער קינאָ — די שטאָט־ביבליאָטעק אַפ פּושקינס נאָמענ. די גאַס איז געווענ א גלײַכע, א לאַנגע, מיט גרינס אונ ביימער פונ ביידע זײַטנ.

איצט ליגט דער באַנק א כאָרעווער — די דײַטשנ האָבנ אופגע־ריסנ, עס מאַכט דעמ אײַנדרוק, ווי פריִער וואָלטנ זיכ אַלע פיר ווינקלענ פונ דער געבײַדע אָפּגעטיילט יעדערער באַזונדער, דערנאָכ איז איינ ווינקל געפאַלנ אַפנ אַנדערנ.

די קינאָ־געבײַדע איז צעשעטעקעוועט, ווי קרויט. אינעמ ברוכ־וואַרג איז פאַראַנ א סאַכ צעשטויסנ גלאָז, וואָס פינקלט אַפ דער זונ.

פונ דער ביבליאָטעק זײַנענ געבליבנ נאָר צוויי ווענט. שוואַרצע, זשאַווערדיקע רעלסנ ליגנ צווישנ די ווענט, ווי צונויפגעדרייטע שלאַנגענ, וואָס זײַנענ גרייט א וואָרפ טאָנ זיכ אַפ עמעצנ.

אַזוי הויז נאָכ הויז. קימאַט קיינ איינ גאַנצע געבײַדע האָבנ די דײַטשנ נית געלאָזט.

איצט אָבער שפּאַצירט מענ אַפ דער גאַס מער, ווי פאַר דער מילכאָמע. הייסנ הייסט עס: לאָמיר זיכ דורכגיינ זען, ווי האַלט עס

דאָרט מיט דער עלעקטראָ־סטאנציע. די בויונג איז ארומגעצאמט מיט א הויכן הילצערנעם פּאַרקן, און פון דער גאס קען מען גאָרניט זען, וואָס אינווייניק טוט זיך. דאָך האָט מען יעדן טאָג געשאַצט, ווי עס האַלט אינווייניק, און מע דארף זאָגן, אז מע האָט קיין טאָעס ניט געהאַט.

אין א זונטיק־טאָג איז אף דער גאס געפּאַקט.

היינט איז דערווייל פּריִיִיק. פרומקין קלייבט זיך גיין אין שטאָט־קאָמיטעט. קיין בייִשעק צו גיין היינט אהין האָט ער ניט. פאַרוואָס? ער ווייסט אַליין ניט.

עס רוקט זיך דער האַרבסט. דערווייל איז, אייגנטלעך, זומער. נאָר די ערשטע סימאָנים פון וועלקונג און מידקייט לאָזן זיך שוין פילן. פרומקין האָט ליב דעם האַרבסט. ער איז רייך אין פאַרבן און אין געפילן. דער פרילינג האָט קיין זיכרוינעס ניט. ער האָט איין פאַרב — גרין. איין געפיל — ליבע. איין פאַרלאַנג — לעבן. דער האַרבסט איז פילפאַרביק, ער קען אי לעבן אי האַסן.

די ביימער שטייען נאָך גרינע, נאָר דער בלאַט, וואָס וועט מאָרגן זיין געל, איז שוין היינט טרוקן. דער עפּל איז נאָך ניט ריַיף, נאָר זיינע יאָדערן זיינען שוין קימאַט שוואַרץ. בײַנאַכט פאַלן שטערן. זיי פאַלן גיך און צעשיטן זיך נאָך שנעלער, זיי צעגייען ביַיסן פאַלן, און נאָר אף א רעגע לייכטן זיי ווי נאָך ניט אינגאַנצן קיין איבערגע־ברענטער שטויב.

אין א האַרבסטיקן זונטיק באַטאָג האָט פרומקין ליב זיצן אמאָל באַם טייך און קוקן אפן געלאַסענעם שטראָם. א גאַנצן טאָג קען ער אָפּזיצן באַם ברעג, בא א שייטער, נאָכשפּירן נאָכן פייער. אינ־דערפרי איז דאָס פייער א ליכטיקס, א העלס. באַטאָג ווערט עס רויט און רוישיק. פאַרנאַכט ווערט דאָס פייער געל און מיד. און ס'איז אַלץ דער זעלבער שייטער, און דער זעלבער מענטש לעבן אים.

פאַרוואָס האָט ער היינט ניט קיין בייִשעק גיין אין שטאָט־קאָמיטעט? ער ווייסט ניט.

די שטאָט האָט אַן אויסזען פון א וואַרשטאַט. אף איין ראָג ראַמט מען אָפּ דעם ברוך פון א כאָרעווע הויז. אין א צווייטן ווינקל לייגט מען ציגל. מאַשינעס פירן ליים, שטיינער, געהילצ. אף איין גאַס פאַרגיסט מען דעם צעלעכערטן טראָטואַר, אף א צווייטער לייגט מען רערן פון דער וואַסער־לייטונג.

און אפ אלע ראָגנ אונ ווינקלענ זעט פרומקינ איינ אויסגעשריי: „עס פאָדערנ זיכ ארבעטער". אָט שטייענ אויב זײַנע פארביקע פאניערנ, אונ ער אליינ, פרומקינ, שרײַט פונ זיי ארויס איבער דער שטאָט: טעכניקער, שלאָסער, מוליער, טעסלער...

ער פארשטייט שוינ איצט, פארוואָס אימ ציט היינט ניט צו איוואנ פעטראָוויטשנ. ער שטויסט זיכ שוינ לאנג אָנ, אז יעדער וויל בא אימ צונעמענ עטלעכע ספעציאליסטנ פאר אנדערע בויונגענ. ער וועט קיינ איינ מענטש ניט געבנ, עס פעלנ אימ אליינ. צו דענונג איז קיינ שיר ניטאָ. עס קומט אָנ אויב א צווייטער געדאנק: „יאָסע איז א מאָלאָדיעצ". ווי נאָר א מענטש קערט זיכ אומ פונ דער עוואקואציע צי פונ דער ארמיי, פארלויפט אימ יאָסע דעמ וועג אונ רופט ארבעטנ אפ דער עלעקטראָ-סטאנציע.

— געבראכט נאָכ א מענטשנ, — זאָגט ער אינ אזא פאל.

וועגנ יאָסענ האָט ער אמאָל דערציילט איוואנ פעטראָוויטשנ, אונ פונ די דאָזיקע שמועסנ, אפאָנעמ, האָט זיכ בא פעדאָטאָוונ געשאפנ אנ איינדרוק, אז בא פרומקינענ זײַנענ שוינ צופיל ספעציאליסטנ, ווענ אינ אנדערע ערטער דארפ מענ א ספעציאליסט זוכנ מיט ליכט.

שוינ אפצופרוער א בערויגעזער, איז פרומקינ ארײַנ צומ סעקרעטאר. דער סעקרעטאר איז געזעסנ אפ זײַנ שטענדיקנ אָרט — אפנ ברייטנ שטול, אנ אָנגעכמורעטער אונ קאעסדיקער. זײַנ שטימ האָט געקלונגענ באפעלעריש:

— גוט-מאָרגנ! זעצ זיכ! אלעמאָל, כאווער פרומקינ, ביסטו ווי א טראָגעדיקע מיט אנ ערשטלינג. אלע ווײַלע דוכט זיכ דיר, אז אנ אומגליק איז געשענ. מיט א האלבנ יאָר פריער הייבנ זיכ בא דיר אָנ די ווייענ. היינט בינ איכ טראָגעדיק, בא מיר זײַנענ ווייענ. אינ-דערפרי איז צו מיר געקומענ דער דירעקטאָר פונ דער שוכ-פאבריק. — נו, — פרעג איכ אימ, — ווי גייט עס? — אזוי זיכ... — ענטפערט ער. — אונ די פערספעקטיוונ? — נישקאָשע, — זאָגט ער. — ווי האלט עס מיטנ ערשטנ צעכ? — מער אָדער ווייניקער...

— איכ פארשטיי ניט, — זאָג איכ, — אזוי זיכ, נישקאָשע, מער אָדער ווייניקער. ווי א מענטש קענסטו ריידנ? זאָג מיר: גוט אָדער שלעכט. — דאָס, — זאָגט ער, — וויל איכ וויסנ פונ אײַכ,

כאווער סעקרעטאר, גוט צי שלעכט? — אונ דו, — זאָג איכ, — דער דירעקטאָר? — איכ, — זאָגט ער, — בינ א דיסציפּלינירטער מענטש.

— גלייב מיר, כאווער פרומקינ, ווענ עס זאָגט מיר דאָס מײַנ אייגנ ווײַב, ווער איכ בערויִגט. מײַנ יינגל וואָלט איכ באשטראָפט, ווענ דאָס זאָגט מיר מײַנ ברודער — טרײַב איכ אימ ארויס. אז דער אָנפירער ווייסט — ווייס איכ בעסער. אז ער ווייסט ניט — ווייס איכ נאָכ ווינציקער. ווער עס האָט ניט קיינ מיינונג, קענ קיינ אָנפירער ניט זײַנ. פײַנ וואָלטנ מיר אויסגעזענ מיט אזוינע דירעק־טאָרס. א גאנצנ פרימאָרגנ בינ איכ אופגערעגט, בייז אפ דער גאנ־צער וועלט.

— אונ איכ האָב געמיינט ערגער, — האָט געזאָגט פרומקינ.

— ערגער קאָנ ניט זײַנ.

— ערגער קאָנ ניט זײַנ פאר דער שוכ־פאבריק, פאר מיר—יאָ.

— למאַשל?

— מיר האָט זיכ געדוכט, אז דו ווילסט בא מיר צונעמענ עט־לעכע ספּעציאַליסטנ.

— פארוואָס זאָל איכ בא דיר צונעמענ? וואַרט אויס... אפילע עטלעכע. האָסט איבעריקע?

— איבעריקע?

— ניינ, כאווער פרומקינ, לאָמיר די זאכ באטראכטנ אנ־ערש. מיט גוואלד נעמט מענ ניט. הײַנט דארפ מענ שײַנ, אינ דער ער־שטער ריי שײַנ אונ ענערגיע. אונ מאָרגנ? שיכ וועט מענ מאָרגנ דארפנ?

— מע דארפ זיי הײַנט.

— הײַנט וועט עפּשער פאר אלעמענ ניט קלעקנ, אָבער מאָרגנ מוז שוינ קלעקנ.

— דערופ איז פאראנ א דירעקטאָר.

— דערופ וועט זײַנ אנ אנדער דירעקטאָר. ער וועט זײַנ. העלפנ דארפ מענ אימ. וואָס מער מיר גיבנ הילפ, אלצ מער קאָנענ מיר פאָדערנ.

— איוואנ פעטראָוויטש, איכ קענ ניט אײַנגיינ אפ דעם. מענטשנ וואקסנ ניט אפ דער גאס. איידער מע באקומט א נייטיקנ ארבעטער, קריכנ די אויגנ ארויס פונ קאָפּ.

— אָט־אָ אזוי טײַנע טאקע אלע. גיב זיי, דערלאנג זיי אפּ א טעלערל. וואָלט כאָטש איינער געקומענ זאָגנ: איוואנ פּעטראָוויטש, ווו פעלט דיר א מענטש — בא מיר איז דאָ אנ איבעריקער. אָט דאָס איז סאָציאַליזמ!

— קײנ איבעריקע זײַנענ ניטאָ.

— פארשטייט זיכ, אז קײנ לײדיקגײער זײַנענ ניטאָ. א לײדיקגייער איז אנ איבעריקער. אָבער צוויי קענענ פארבײַטנ א דריטנ, אונ דער דריטער קענ צוניצ קומענ אינ אנ אנדער אָרט — אָט דאָס מיינ איכ. באטראכט די זאכ. מאָרגנ איז אויכ א טאָג. מיט גוואלד נעמט מענ ניט. איכ פּאָדער כאַווערישקײַט.

2

אפ מאָרגנ איז געווענ שאבעס. דעמ שאבעס זײַנענ אפ דער שאָלעמ־אלייכעמ־גאס פּאָרגעקומענ עטלעכע באגעגענישנ. אינדערפרי איז מאשע ווידער געגאנגענ צומ צוג. זי איז געגאנגענ אינ נײַע געלע טופל אפ נידעריקע קנאפל, אפ דער האנט האָט זי געטראָגנ א רעגנ־מאנטל, אפנ טונקל־בלאָנדנ קאָפּ א קלײנ היטעלע מיט א הויכנ דענעק. דערפונ זעט מאשע אויס העכער אונ איר שטערנ — גרעסער. איר באקאנטער דארפ קומענ — אונ קומט ניט. זי גייט אימ הײַנט ווידער באגעגענענ. אינ וועג האָט זי געטראָפנ ליבענ. ליבע האָט אָבער געײַלט צו דער עלעקטראָ־סטאנציע אפ ארבעט. מאשע האָט זיכ אָפּגעשטעלט לעבנ זלאטעס שטוב אונ אָנגעקלאפּט. אינ פענצטער האָט זיכ באוויזנ עסטער.

— עסטערקע, טײַערינקע, קומ מיט מיר צומ צוג.

— צומ צוג? וועמענ ווילסטו באגעגענענ?

— מײַנ באקאנטנ.

— דײַנ גוטנ באקאנטנ. איכ גיי.

ביז זי טוט זיכ אָנ אונ קומט ארויס אפ דער גאס, באווײַזט זיכ פרומקינ. ער באגריסט זיכ מיט זיי אונ פרעגט, וווהינ זיי קלײַבנ זיכ.

— צומ צוג, — זאָגט עסטער.

— באגעגענענ? — פרעגט פרומקינ. — וועמענ גייט איר עס, מיידלעכ, באגעגענענ?

— מײַנ באקאנטנ, — ענטפערט מאשע אונ קוקט בעשאמ־

מײַסע צום ראָג גאַס, פונוואַנען עס קומט אָן א מאַן מיט א טשע־מאָדאַן אין דער האַנט און מיט א רוקזאַק אויף די פּלײצעס. עס ציט זי לויפן אַנטקעגן, כאָטש זי ווײסט ניט פאַרוואָס. עפשער איז עס אַן אומבאַקאַנטער. נאָר וואָס נעענטער דער מענטש קומט אָן, אַלץ ווערט זי אומרויִקער, זי קען ניט אַראָפּנעמען פון אים די אויגן.

— ניט ער? — פרעגט עסטער.

— עפשער ער, — זאָגט מאַשע ניט זיכער, נאָר באַלד גיט זי א געשריי: — ער, ער!

פרומקין מיט עסטערן האָבן זיך דערפילט איבעריק. זיי האָבן זיך אָפּגערוקט עטלעכע טריט און גענומען קוקן אָן א זײַט.

— עסטער, זײַ באַקענט, — האָט זיך, ענדלעך, אָפּגערופן מאַשע.

עסטער איז צוגעגאַנגען נעענטער און דערלאַנגט מאַשעס באַ־קאַנטן די האַנט. פרומקין האָט זיך אויך אויסגעקערט מיטן פּאָנעם צום געקומענעם. אַז ער האָט זיך גוט אין אים אײַנגעקוקט, האָט ער זיך צעשמייכלט:

— סערזשאַנט אָסטריקאָוו, א גוט-מאָרגן.

— כאַווער קאַפּיטאַן! — האָט אויסגעשריִען דער סערזשאַנט, א יונגער, א פרײלעכער, א בלוי-אויגיקער. — ווי קומט איר אַהער? — ביידע האָבן זיך געדריקט די הענט. — אָט דאָס איז א באַגעג־ניש. וווּ וווינט איר, כאַווער קאָמאַנדיר?

— אין דעם הויז. קומט צוגאַסט. אומבאַדינגט. אָבער, אָסטרי־קאָוו, ניט אַליין.

— מיט וועמען? — האָט געפרעגט אָסטריקאָוו, און זײַן פּאָ־נעם איז געוואָרן פול מיט צופרידנקייט. — מיט וועמען?

— מיט א גוטער באַקאַנטער.

אָסטריקאָוו האָט זיך אויסגעקערט צו מאַשען און געזאָגט:

— הערסט, מאַשע, וועסט גיין?

מאַשעס פּאָנעם האָט געשײַנט.

— ווײַבאַלד דער קאָמאַנדיר באַפעלט... — און זי האָט זיך פאַ־נאַנדערגעלאַכט.

— כאַווער קאָמאַנדיר, — האָט סערזשאַנט אָסטריקאָוו גע־זאָגט. — געדענקסט יענעם פאַרנאַכט אין וואַלד, געמיינט — אַרײַנ־געפאַלן צו די פריצן. געדענקסט? און מיר האָבן אָפּגערעדט, אויב מירן בלײַבן לעבן, וועלן מיר נאָך דער מילכאָמע אײנער דעם אַנ־

יערנ באקענענ מיט די קאָלעס.

— אָפגערעדט, אָסטריקאָוו.

— זײַ באקאנט, מאשע.

— נו, — האָט נאָכדעמ געזאָגט אָסטריקאָוו, — איכ האָב אויס־געשפילט, אונ איר? — אָסטריקאָוו האָט א קוק געטאָנ אפ עסטערנ.

— צומ באדויערנ... — האָט געזאָגט פרומקינ.

---

אינעמ זעלבנ טאָג פארנאכט זײַנענ מיטנ צוג אָנגעקומענ אונ אפ דער שאָלעמ־אלייכעמ־גאס זיכ באוויזנ נאָכ נײַע מענטשנ. די געקומענע האָבנ זייערע זאכנ געלאָזט אפנ וואָקזאל אונ אליינ מיט עטלעכע קלומקעס אונ קאָשיקעס אוועק איבער דער שטאָט. אלע ווײַלע האָבנ זיי זיכ אָפגעשטעלט.

— דאָ האָט געוווינט סימכע שאפּיראָ. ניט די שטוב איז געבליבנ, ניט דער באלעבאָס איז געבליבנ. פונ אלצ איז געוואָרנ אש אונ שטויב. ווי איז מיר, — האָט געזאָגט אנ עלטערע פרוי, וואָס איר אויסזענ דערציילט, אז אמאָל האָט זי זיכ ליב געהאט פוצנ אונ איצט האָט זי אפ דעמ א מאכ געטאָנ מיט דער האנט: סײַווי ניטאָ צוליב וואָס אונ צוליב וועמענ.

— אונ דאָ האָט געלעבט שעפטל לעווינ. צוויי שטיינער געבליבנ, — האָט געזאָגט אנ עלטערער מאנצבל, א מענטש, וואָס לויט זײַנ האלטנ זיכ זעט מענ, אז ער האָט ליב אפ אלצ צו זאָגנ מעוויינעס, נאָר אפ זיכ אליינ פארשטייט ער זיכ ניט. דאָס זײַנענ מאנ־אונ־ווײַב.

זוי גייענ פונ שטוב צו שטוב אונ באטראכטנ אלצ. מיט זיי צוזאמענ גייט א מיידל פונ א יאָר עטלעכע אונ צוואנציק, זי רעדט ווינציק, נאָר זי קאָנ זיכ ניט אײַנהאלטנ פונ מאכנ אלע ווײַלע אייג אונ די זעלבע באמערקונג:

— נאָכ ערגער ווי זיכ פאָרגעשטעלט.

אינ פענצטער איז דערמלט געזעסנ עסטער. זי איז נאָרוואָס געקומענ פונ דער ארבעט אונ אפילע נאָכ ניט געגעסנ. זי האָט דורכנ פענצטער דערזענ די מענטשנ אונ זיי דערקענט. שכײנימ פונ דער

שאָלעמ־אליייכעמ־גאס. נאָכ מער: מיטנ מיידל האָט זי געלערנט אינ דער שול — מינע אײַזנשטיינ.

— עסטער!

מינע איז צוגעלאָפנ צומ פענצטער, ארומגעכאפט עסטערנ אונ גענומענ קושנ.

— עסטער, דו לעבסט? דו ביסט עס טאקע? וויפל מאָל איכ האָב אפ דיר געפרעגט — אײנ ענטפער: אומגעקומענ. ווערסט לאנג לעבנ דערפאר. אונ די מאמע?

— ניטאָ.

— דער טאטע?

— ניטאָ.

— קיינער ניט? אליינ?

— די באָבע.

— נו, אונ...

עסטער האָט דערפילט, וואָס זי וועט פרעגנ, אונ האָט א־אָפּ־געלאָזט די אויגנ.

— אונ עליק?

— ניטאָ.

מינע איז געבליבנ שטיינ פארלאָרנ, זי האָט מער ניט געקאָנט פרעגנ. דערנאָכ געזאָגט:

— אנטשולדיק, וויפל מאָל איכ האָב זיכ געגעבנ דאָס וואָרט ניט צו פרעגנ בא קיינעמ אפ אייגענע אונ פריינט... אונ דאָכ פארגעס איכ. אונ אלעמאָל לאָזט זיכ אויס, אז איכ פרעג אפ אומגעקומענע.

איצט האָט שוינ עסטער געוואָלט אליינ פארפירנ א געשפּרעכ. זי האָט געוואָלט וויסנ, וואָס מיט מענטשנ איז פאָרגעקומענ פאר די יאָרנ מילכאָמע.

— אונ דו?

— דער ברודער איז אומגעקומענ אפנ פראָנט. מיינ מאנ דארפ זיכ איינגיכנ דעמאָביליזירנ.

— האָסט א מאנ? שוינ לאנג?

— נאָכ דעמ, ווי דער ברודער איז אומגעקומענ, האָב איכ באַ־סענע געהאט, כאָטש מיט דעמ געוואָלט פארשאפנ נאכעס די עלטערנ.

— כ׳קען אים ניט?

— קענסט אים.

— ווער?

— מענדל קאוועניאָקע. נו, איליא מוראָמעצ.

— וויאזוי האָט איר זיך באגעגנט?

— דערציילנ איז לאנג, נאָר אינקורצנ איז אזוי. מיר זיינען געווענ אינ עוואקואאציע אינ דער שטאָט נאָוואָסיבירסק. א גרויסע שיינע שטאָט. דאָרט האָט געשפּילט דער מינסקער יידישער טעאטער. אינ דער צייט פונ דער מילכאָמע בינ איכ אָפט געגאנגענ אינ יידישנ טעאטער. איינמאָל, אינ אנ אנטראקט, זע איכ אָט מיר קוקט א לייטענאנט, א הויכער, א ברייטפּלייציקער, נאָר מיט זייער אנ אויסגעבלייכט פּאָנעם. ווער איז ער? וואָס קוקט ער אָפּ מיר?

— איר דערקענט מיכ ניט? איכ האָב אייכ גלייך דערקענט.

— טראַקטאָר, — האָב איכ אויסגעשריענ. אינ שול זיינען מיר געווענ קידער-ווידער. ער האָט מיכ גערופנ „שוואַרצוכע”, אונ איכ אים „טראַקטאָר”. נו, האָט זיכ בא מיר ארויסגעריסנ, אפילע ניט איליא מוראָמעצ, נאָר דאפקע: „טראַקטאָר”!

— ריכטיק. טראַקטאָר, — זאָגט ער. — איר געדענקט געוויס, ווי איכ האָב אייכ גערופנ?

— שוואַרצוכע, — ענטפער איכ.

— קענענ מיר זיינ באקאנט.

— מיר האָבנ זיכ זייער שטארק דערפרייט. ווייסט ניט, טייערינקע, וואָס הייסט זיינ אינ א ווייטער שטאָט און פּלוצלינג — א שול-כאווער. קורצ, ער איז געקומענ צו אונדז אהיים. דערוויסנ מיר זיכ, ער איז געווענ פאַרווונדעט. געלעגנ אינ שפּיטאָל, ארויס פונ דאָרט אונ האָט דריי כאדאָשים אורלויב. נאָר וווהינ זאָל ער פאָרנ? ניט קיינ היים, ניט קיינ פריינט. איינער אליינ, ווי א שטיינ. די דריי כאדאָשים איז ער אָפּגעווענ בא אונדז, מיר האָבנ כאסענע געהאט.

— קומט דיר מאזלטאָוו. מיט מאזל, טייערינקע, מיט מאזל, — האָט געזאָגט עסטער אונ בעשאס-מייסע געקוקט צו דער גאס, ווי זי וואָלט אויסמיידנ קוקנ עמעצנ אינ פּאָנעם.

## 3

ביז איצט איז עסטערן געווען ניט גוט. נאָר מיט זיך און מיט איר געוויסן איז זי געווען אין אָרדענונג. אַלץ, וואָס עס האָט געקאָנט קומען אומדערוואַרט, האָט געקאָנט קומען פון אויסן. און איצט איז זי אומרויִק, זי האָט מוירע, אַז עליק זאָל ניט אַרײַנקוקן צו איר אינווייניק. זי ציטערט פאַר עליקס אויגן.

זי האָט זײַנע אויגן אַזויפיל מאָל געקושט. זי האָט אין זיי אַלעמאָל געזען, ווי ריין און זויבער דער מענטש איז; אין זיי איז געווען א מײַנע, ווען ער איז געווען אומצופרידן, אין זיי איז געלעגן א פראַגע, ווען ער האָט ניט פאַרשטאַנען און געוואָלט דערפילן דעם עמעס. זי האָט מוירע פאַר עליקס ריינע, פרעגנדיקע בליקן. זיי וועלן אַרײַנקוקן אין איר האַרץ און עפשער ניט דערזען דאָרט די פריִערדיקע עסטער.

וואָס קענען עליקס אויגן דערזען?

זי טראַכט וועגן אים ווי פריִער, זי האָט אים ליב ווי פריִער. פריִער איז זי און עליק געווען איינס. איצט איז זי — זי, און עליק — איז עליק.

ער איז איר טײַער, ווי פריִער. זי פילט, אַז זי קען אָבער ניט נאָר טראַכטן וועגן אים, נאָר אויך באַטראַכטן און אָפּשאַצן.

זי האָט זיך פריִער ניט געדאַרפט זאָגן, אַז זי האָט אים ליב. איצט זאָגט זי זיך, אַז זי האָט אים ליב.

עליק איז געווען זייער פילבאַר. ער האָט געקענט אויפכאַפּן א מינדסטן קער אין עם געפיל. צי וועט ער ניט אויפכאַפּן, אַז פריִער האָט זי געוווּסט: איר לעבן איז געענדיקט. איצט ווייסט זי: איר לעבן גייט אַוועק, ווײַל זי וועט קיינעם מער ניט ליבן, זי קען מער ניט, זי טאָר מער ניט.

פריִער איז איר ליבע און איבערזוכט געווען אין איינעם.

איצט האָט זי ליב עליקן, נאָר איבערן איבערהט זי פרומקינען.

זי איז איבערזיכטיק צו זײַן פאַרגאַנגענהײַט, צו יענער עסטער פון ראָג שאָלעם־אַליכעם. וואָס פאַר א רעכט האָט זי צו זײַן איבערזיכטיק? ווער איז ער איר? ער איז פאַר איר גאָרניט. נאָר פאַר־

וואָס האָט ער אזוי שטארק ליב געהאט עסטערן פון ראַג שאָלעם־אליכעמ? פארוואָס האָט ער זי נאָך היינט ליב?

היינט איז זונטיק.

פון דער שאָלעם־אליכעם־גאס און פון די ארומיקע גאסן איז מען שוין לאנג מיט די ארומגעוויקלטע „טיאַפּקעס״ אפ די אקסלען אוועק צו די ביישטאָטישע קארטאָפל־גערטנער.

ליבהאָבער פון פישפאנג זיינען נאָך פון באגינען באם טייך און זיצן מיט זייערע לאנגע אודעס באם ברעג אָדער שטייען, די הויזן פארקאשערט ביז די קנעבלעך, אין וואסער.

די, וואָס האָבן ליב פארברענגען אין אן אַפּרו־טאָג אין וואלד, אין פעלד אָדער נעמען אָנטייל אין אן עקסקורסיע אפ שיפלעך, זיינען שוין אויך לאנג, מיט פעקלעך עסנווארג אונטערן אָרעם, אוועק צו די באשטימטע זאמל־פונקטן.

מאמעס און טאטעס, וואָס פאָרן אין די זונטיקן צו זייערע קינדער אין די פּיאָנער־לאגערן און קינדער־דאטשעס, האָבן נאָך פארטאָג אוועקגעאיילט צום צוג און צו די אווטאָבוסן.

און די אלע, וואָס איילן זיך ניט, שלאָפן היינט מיט א שאָ שפּעטער און האָבן האנאָע פון זיך פוילן א ביסל.

עסטער מיט ליבען זיצן אפ זייער קלאָץ, עס שיינט אפ זיי די זון. אפ דער גאס איז שטיל. ביידע זינגען עפּעס, יעדערע פאר זיך.

עסטער רייסט אומדערווארט איבער דאָס זינגען און זאָגט צו ליבען:

— יענץ צעטעלע... צו עסטערן פון ראַג שאָלעם אליכעם האָט דער זיידע צעריסן?

— יאָ, — ענטפערט ליבע און קען ניט פארשטיין, פארוואָס פּלוצלינג איז עס עסטערן איינגעפאלן.

— און דער באָבער איז טאקע געווען ער?

— ער, פרומקין.

— ניט געקענט דען אויסבאהאלטן? — פרעגט עסטער. און ליבע קאָן אלץ ניט פארשטיין, צי שפּאסט עס עסטער, צי זי פרווט זי אויס? אָדער עפשער גלייבט זי אינגאנצן ניט, אז אזא צעטעלע איז געווען.

— ליבע, געדענקסט ניט, וואָס דאָרט איז געשריבן?

— איך געדענק.

— אינטערעסאנט, וואָס?

— אזא ליבע!

— פונוואנענ ווייסטו?

— אזוי שיינ געשריבנ.

— דערציילַ. באַמת עטלעכע ווערטער. ווי הייבט זיכ אָנ?

— מײַנ איינציקע, מײַנ איינציקע עסטערקע...

— מײַנ איינציקע... — זאָגט פאר זיכ עסטער. — צו וועלכער עסטער האָט ער עס געשריבנ? — זי ווייסט, נאָר זי פרעגט. ווענ ליבע האָט סייכל צו ענטפערנ, אז ניט צו יענער, וואָלט זי זיכ עפּ־ישער געלאָזט אײַנריידנ.

— עפּשער האָט ער געשריבנ אזוי זיכ, ניט צו קיינ עסטער, נאָר גלאט צו עמעצנ...

— צו וועמענ דענ? — פרעגט עסטער. — עפּשער מיינסטו, אז גאָר צו דיר. בא לײַטנ, ווענ מע צערײַסט אפילע אזא צעטעלע, קלײַבט מענ צונויפ די שטיקלעכ.

— אזוי האָב איכ טאקע געטאָנ.

— וואָס רעדסטו, מײַערינקע? צונויפגעקליבנ? אומויסט בינ איכ בערוגעז. איכ ווייס אלײנ ניט, פארוואָס איכ בינ אומצופרידנ, מיט דער גאנצער וועלט אומצופרידנ... איכ ווייס ניט. האָסט עס באַהאלטנ? פארשטייסט, ליבע, פּאָשעט משיקאווע, ווי אזא בריוועלע שרײַבט זיכ. האָסט עס באהאלטנ?

— באהאלטנ.

ליבע, וועלכע איז אלעמאָל גרייט א מענטשנ גוטס טאָנ, באַזונ־דערס עסטערנ, איז געבליבנ זיצנ שטארק צעבראָכנ. פריִער, אמאָל איז איר דאָס צעטעלע געווענ געפעלנ, איצט איז עס איר טײַער, נאָענט, ס'איז אייגנס. ווו איז ליבע ניט אויסגעוואַקסנ אינ די יאָרנ פונ דער מילכאָמע? אונ דאָס צעטעלע איז ווי א טײַערע קאמייע גע־האנגענ בא איר אפנ האלדז. ווער עס האָט אויסגעהיט א ליבע, זי האָט אויסגעהיט א פאָרשטעלונג וועגנ א ליבע אָדער א פארלאנג צו ליבנ. דאָס דאָזיקע פּאפירל האָבנ נאָר דרײַ מענטשנ געהאלטנ אינ די הענט: פרומקינ, זי אונ דער זיידע.

---

ביידע זײַנענ געזעסנ אפנ זעלבנ קלאָץ אונ צונויפגעלייגט די צע־ריסענע שטיקלעכ. זלאטע האָט זיכ באוויזנ אונ געפרעגט:

— קינדער, מיט וואָס זײַט איר עס פּאַרנומענ? וואָס לייגט איר עס צונויפ?

— א בריוול. — ענטפערט ליבע.

— צו וועמענ? — פרעגט זלאַטע און זעצט זיך לעבנ זיי אפ דעמ קלאָץ.

— טרעפ, — זאָגט עסטער.

— טרעפנ? ווו זײַנענ מײַנע ברילנ?

זי טוט אָנ אירע ברילנ און נעמט לייענענ: „מײַנ... איינציקע... עסטערקע...״ צו דיר, עסטערקע?

— ניינ, באָבע, ניט צו מיר, — ענטפערט עסטער.

זלאַטע לייענט ווײַטער: „דײַנע טונקעלע אויגנ... דײַנ שטאָלצנ טראָט...״

— צו דיר, עסטער?

— ניינ, באָבע, ניט צו מיר.

— נו, טײַערינקע, — זאָגט זלאַטע, — קיינ קינד בינ איך שוינ, גאָט צו דאַנקענ, ניט. איך זע דענ ניט, אז צו דיר.

— באָבע! — שרײַט אויס עסטער, — לייענ ניט קיינ פרעמדע בריוו!

— פרעמדע? בא דײַנ מאַמענ זײַנענ א שטאָט מיט קינדער גע־ווענ אייגענע. בא דיר איז אַלצ פרעמד, אפילע א בריוו איז אויך א פרעמדער. אז מע שרײַבט צו דיר, שרײַבט מענ צו מיר. פרעמדע...

— פרעמדע! — שרײַט נאָך העכער אויס עסטער און שאַרט אראָפ די פּאַפּירלעך אפ דער ערד. — פרעמדע!

— מײַנ בריוו! — האָט אויסגעשריִענ ליבע, — אזוי לאַנג גע־היט. זי וויסט נאָר זיך, נאָר זיך...

4

פרומקינ איז מיט לײַב־און־לעבנ אַרײַנ אינ דער בויונג, אינ אַלע איינצלהײַטנ, אינ אַלע קלייניקײַטנ, ער האָט געוווּסט אַלע מענטשנ, מיט אַלע זייערע מײַלעס און בעסרויִנעס, ער האָט געלעבט מיט יעדנ נײַ געלייגטנ ציגל און מיט דער האָפענונג אפ דער קומענדיקער שײַנ אינ שטאָט. ווענ מע נעמט אימ איצט אוועק פונ דער סטאַנציע, וואָלט עס פאַר אימ געווענ דאָס זעלבע ווי צונעמענ בא אימ דעמ

אינטערעס צום לעבן. ס'איז שוין איצט ניט געווען אזוינס, וואָס זאָל קאָנען אָפּציִען, אָפּווענדן כאָטש א טייל פון זיין אופמערקזאמקייט. וועגן עסטערן, אָן וועלכער ער האָט זיך פריִער אָפּט דערמאָנט, האָט ער איצט ווינציקער געטראכט. פרומקין איז פון די מענטשן, וואָס לייגן אריין אין דער ארבעט ניט נאָר געדאנק און האַרעוואניע, נאָר אויך ליבע. די עלעקטראָ־סטאנציע האָט איצט מיט יעדן טאָג אלץ מער באקומען דעם אויסזען פון א לעבעדיקער באשעפעניש, וואָס שטעלט זיך ערשט אָפּ די פיס און לערנט זיך גיין. פרומקין ציטערט איבער איר, ציטערט איבער יעדן טראָט, ציטערט און פרייט זיך.

א סאך מענטשן האָבן איצט געוואָלט ארבעטן אָפּ דער עלעקטראָ־סטאנציע. האָט א נײַ־געקומענער זיך נאָכגעפרעגט, וואָס אין דער שטאָט הערט זיך, האָט מען אים די ערשטע זאך דערציילט:

— די סטאנציע בויט מען. דער זעלבער אינזשעניער, וואָס האָט זי פריִער אויסגעבויט און דערנאָך אופגעריסן...

דאָס האָט געקלונגען טשיקאווע. און באזונדערס נאָך דער מיל־כאָמע, ווען מענטשן זיינען אזוי צוגעווינט צו העלדישקייט און צום געפיל פון אכטונג צו א העלד, האָט די דאָזיקע טשיקאוועקייט גע־צויגן צו דער סטאנציע און ארויסגערופן צוטרוי און גלויבן אין אירע בויער און אָנפירער.

מאשעס כאָסן, אָסטריקאָוו, א גוטער קוואליפיצירטער סטאָליער און ביכלאל א גרויסער בעריע, האָט אויך גערעכנט, אז מע דארף ארבעטן אָפּ דער עלעקטראָ־סטאנציע, וואָרעם דאָס ווייסט ער געווים, אין דער גאנצער שטאָט איז ניט פאראן קיין איין מענטש, וואָס זאָל זיין בעזער פרומקינען, ווי ער. א גאנצע שטאָט קאָן אים רופן:

— אינזשעניער, כאָווער פרומקין...

ער, אָסטריקאָוו — אויך קאפיטאן און קאָמאנדיר.

עטלעכע מאָל האָט ער זיך באגעגנט מיט פרומקינען, געווען אָפּ דער סטאנציע, אלץ באטראכט און איז געווען זיכער, אז פרומקין וועט אים סאָפּקאָלסאָפּ פרעגן, ווען רעכנט ער צוטרעטן צו דער ארבעט? נאָר פרומקין פרעגט ניט. אָסטריקאָוו האָט זיך פּאָשעט געשעמט פאר מאשען. ער האָט איר עטלעכע מאָל אויסגעמאָלט, וויאזוי פרומקין וועט אים ניט אָפּלאָזן, וויאזוי ער וועט זיין בא פרומקינען די רעכטע האנט, וויאזוי זיין בריגאדע וועט זיין די פּאָר־

געשריגנסטע אפֿ דער בוינג, וויאזוי... נאָר פּרומקין מאכט זיך ניט ווייסנדיק.

זאָל זיך א מענטש אזוי ענדערן? א קאַפּיטאַן מיט „ סערזשאנט זײַנען כאוויירים, גוטע ברידער, און אַן אינזשעניער מיט א סטאָליער שוין ניט?.. זאָל דאָס זײַן אזוי?

אָסטריקאָוו גלייבט ניט דערין. פּרומקין איז ניט אזא, אָסטריקאָוו פילט א מענטשן, אָבער אליין בעטן זיך אפֿ ארבעט — פּאַסט ניט, ער וועט הייסן, אז ער בינדט זיך אָן, אז ער קריכט, אז ער זוכט א באַקאַנטן און באַקאַנטשאַפט... ניין, צו פּרומקינען קען ער זיך ניט בעטן אפֿ ארבעט. פּרומקין דארף אים אפֿ ארבעט רופֿן.

אָסטריקאָוו האָט עס שטארק איבערגעלעבט, און כאָטש ער האָט זיך געגעבן דאָס וואָרט ניט דערמאָנען וועגן דעם פּרומקינען, האָט ער דאָך ניט אויסגעהאלטן. פאר אָסטריקאָוון איז שוין געווען וויכטיק ניט אזוי די ארבעט (כאָטש ער האָט זיך שוין מיט דער דאָזיקער ארבעט קימאט צונויפגעלעבט און געהאט א גאנצע ריי פּלענער), ווי דער פארלאנג פעסטצושטעלן, צי איז מאקע פּרומקין נאָך דער מילכאָמע געוואָרן אויס כאווער מיט אים?

— גענוג ליידיק גיין, גענוג הוליען, — האָט געזאָגט אָסטריקאָוו צו פּרומקינען. — אלע ארבעטן, דארף מען אויך זיך נעמען.

— יאָ, מע דארף זיך נעמען צו דער ארבעט.

— פארוואָס ווילט איר ניט, אז איך זאָל בא אײַך ארבעטן?

— איך וויל ניט?

— א פאקט! וואָרעמ עס קאָן ניט זײַן, אז א סערזשאנט זאָל קומען צו זײַן קאַפּיטאַן, וואָס בויט א גאנצע סטאנציע, און יענער זאָל אים ניט פאָרלייגן קיין ארבעט. עס קאָן ניט זײַן... א פאקט!

— א פאקט... אזוי מיינסטו?..

— אפילע מײַן קאלע לאכט פון מיר: „ביסט א בארימער, — זאָגט זי, — דײַן קאַפּיטאַן דארף דיך מער ניט, אויס כאווער.”

— און דו, אָסטריקאָוו, מיינסט אויך אזוי?

— איך מיין אויך אזוי.

— מיינסט, איך האָב ניט פארשטאנען, אז אזוי טראכסטו? נאָר וואָס זאָל איך טאָן, אז איך האָב דיך פארקויפט. יאָ, יאָ, פאָשעט פארקויפט.

אָסטריקאָווס פּאָנעם האָט גענומען שמייכלען פון איבעראשונג.

ער האָט נאָך ניט פֿאַרשטאַנען, ווען וואָס דאָ האַנדלט זיך, נאָר ער האָט דערפֿילט, אַז סײַ דער טאָן און סײַ דער אויסדרוק „פֿאַרקויפֿט" קאָן האָבן אַ שײַכעס נאָר צו אַ גוטן־ברודער, צו אַ גאָר נאָענטן.

— פֿאַרקויפֿט? — האָט ער געפֿרעגט צופֿרידן, — וויפֿל נעמט מען עס פֿאַר אַזאַ אָסטריקאָוו, ווי איך? אַ סאַך?

— אַ סאַך.

— טשיקאַווע, וויפֿל באַקומט מען?

— אַ דאַנק.

— אַזוי גאָר. אַ דאַנק. פֿון וועמען?

— פֿונעם סעקרעטאַר פֿון שטאָט־קאָמיטעט.

אָסטריקאָוו האָט באַלד אַלץ פֿאַרשטאַנען. טאַקע דערפֿאַר איז ער געווען דער בעסטער סערזשאַנט אין פּרומקינס באַטאַליאָן, ווײַל ער פֿלעגט אַלץ גיך פֿאַרשטיין און אויפֿכאַפּן. וואָס פֿאַרשטייט ער דאָ ניט...

— און איך האָב געמיינט, מירן אַרבעטן צוזאַמען.

— געוויס צוזאַמען, איכל געבן ליכט, און דו וועסט געבן... לאָמיר אַפֿילע זאָגן... שיך.

— שיך?

— צו בויען סאָציאַליזם דאַרף מען האָבן אויך גוטע, שיינע שיך.

5

ווען קאַוועניאַקע, האָט זיך דעמאָביליזירט, האָט מינע, זײַן ווײַב, באַטראַכט, אַז ער דאַרף אַרבעטן אויף דער עלעקטראָ־סטאַנציע, ניט אַנדערש. בײַ קאַוועניאַקען האָט זי גאָרניט געפֿרעגט און אים גאָרניט געזאָגט. ווײַבאַלד זי וויל אַזוי — איז גענוג. זי איז אַוועק צו עסטערן. פֿאַרוואָס צו עסטערן?

דוכט זיך, אַז מע וויל אַרבעטן אויף דער סטאַנציע, דאַרף מען גיין אַהין און זיך צונויפֿריידן. מינען זעט עס אָבער אויס אומנאָרמאַל. מע האָט גאָר קיין האַנאָע ניט, אַז מע קומט אַזוי אָן אויף אַרבעט. לויט מינעס סייכל האָט עס אויסגעטראָגן גאָר אַנדערש: די סטאַנציע בויט פּרומקין, עסטער מיט פּרומקינען זײַנען שכנים, כוץ דעם, דוכט זיך איר, אַז צווישן פּרומקינען מיט עסטערן איז

עפּעס ניט „גלאַט" („אַפּ ליבעס האָב איך אַ גוטן ניוב"), — טראַכט וועגן זיך מינע). אַז עסטער וועט בעטן פּרומקינען, וועט יענער ניט אָפּזאָגן. אַזאַ אַרבעט, וואָס אַלע קאָנען באַקומען, וואָס איז דאָס פאַר אַן אַרבעט?

מינע איז געקומען צו עסטערן. זי האָט לאַנג געוואַרט, ווייל עסטער קומט שפּעט פון דער אַרבעט. מינע האָט זיך אָבער ניט אָפּגעזאָגט פון איר פּלאַן. דערווייל האָט זי געשמועסט מיט זלאַטען.

כאָטש וועגן מינעס קאָן מען זאָגן, אַז וואָס אויף דער לונג, איז דאָס אויף דער צונג, דאָך האַלט זי, אַז זי איז אַ דיפּלאָמאַט, אַ כאַ־כאַמע, אַ קאָפּ־מענטש. ווען עסטער איז געקומען, האָט זי דעריבער, ווי אַלע דיפּלאָמאַטן און קאָפּ־מענטשן, אָנגעהויבן פון אַ זײַט.

— זאָג מיר, טײַערינקע, פּרומקין איז דאָך נאָך אַ באָכער?

עסטערן איז אײַנגעפאַלן דאָס האַרץ. וואָס מיינט זי? וואָס וויל זי זאָגן? מינע האָט אַ טעווע קריכן, ווי מע דאַרף ניט, עסטער האָט עס פּײַנט.

— אַ באָכער.

— און וווינט בײַ ליפּשיצן?

— און וווינט בײַ ליפּשיצן.

— און דו ביסט מיט אים באַקאַנט?

— באַקאַנט.

— האָב איך צו דיר אַ ביטע. נאָר זאָג מיר צו, אַ דו וועסט ניט אָפּזאָגן.

עסטערן איז געוואָרן גרינגער אויפן האַרצן. זי איז גרייט אַלץ צוזאָגן, אַבי מינע זאָל זיך ניט מישן, ווו מע דאַרף ניט.

— ביז ווי לאַנג וועט קאַוועניאַקע אַרומגיין ליידיק?

עסטער האָט אַ קוועטש געטאָן מיט די אַקסלען, — זי קאָן אויף דעם גאָרניט זאָגן.

— מיינ איך, — האָט מינע פאַרגעזעצט, — דאָס סאַמע בעס־טע אָרט אויף אַרבעטן איז די עלעקטראָ־סטאַנציע.

— זייער וווייל, — האָט געענטפערט עסטער.

— נו, איז בעט איך דיך, דו זאָלסט בעטן פּרומקינען, ער זאָל אים נעמען צו זיך.

— מע וועט אים נעמען. אַ דעמאָביליזירטער, מיטן גרעסטן פאַרגעניגן.

— ווער גייט עס אליין בעטן ארבעט? סיזדן דער, וואָס טויג שוין אַף גאָרניט... ביכלאַל, אַז מע זאָל האָבן באַקאַנטשאַפט און ניט קענען אויסנוצן, איז פּאַשעט נאַריש...

עסטער האָט זי אָנגעקוקט און זיך פאַרוווּנדערט, ניט דערפאַר, ווייל עסטער האָט ניט געוווּסט דאָס לעבן און איז געווען נאַיוו, ניין, זי ווייסט ווענגן פּראָטעקציעס, וועגן באַקאַנטשאַפט... געוווּנדערט האָט איר נאָר מיגעס ווילדער אײַנפאַל, דאָס, וואָס בא יענער איז אַלץ, וואָס שטייט מיטן קאָפּ אַראָפּ, נאָרמאַל, און דאָס נאָרמאַלע ווײַזט איר אויס צו שטיין מיטן קאָפּ אַראָפּ.

— וואָס הייסט, עסטערקע, ער זאָל גיין אליין, אַז ער איז מײַן מאַן און איך בין דײַן איינציקע כאַווערטע, פּרומקין איז דער באַ־לעבאָס, און דײַן פאַרלאַנג וועט ער אויספילן... וואָס קען זײַן גלײַ־כער? איז ווען וועסטו עס טאָן?

עסטער איז אַוועק צו פּרומקינען אַף דער עלעקטראָ־סטאַנציע. ווען פּרומקין האָט אַף איר אַ קוק געטאָן מיט גרויס פאַרוווּנ־דערונג און נײַגיר, האָט עסטער דערפילט, אַז זי האָט זיך באַנאַ־רישט. נאָר וואָס איז זי טאַקע געקומען? עס איז שוין אָבער געווען שפּעט.

פּרומקין האָט געוואַרט, וואָס עסטער וועט זאָגן, נאָר יענע האָט געשוויגן. האָט פּרומקין פאָרגעלייגט:

— אויב איך אינטערעסירט, ווי מיר אַרבעטן, ביטע זייער.

— עפשער וועלן מיר פון דעם אָנהייבן?

עסטער האָט זיך אופגעשטעלט, נאָר זיך ניט גערירט פון אָרט. דערנאָך געזאָגט:

— איך בין געקומען בעטן וועגן אַ מענטשן. — עסטער האָט זיך ווידער אַנידערגעזעצט.

פּרומקינס בליק האָט געזאָגט, אַז ער בעט, זי זאָל פאָרזעצן. עסטער האָט עס פאַרשטאַנען.

— אַ כאַווער האָט געבעטן בא מיר פּראָטעקציע, איר זאָלט אים נעמען צו זיך אַף אַרבעט.

— אַף אַרבעט? ביטע. וואָס איז זײַן פאַך?

— זײַן פאַך? ביז דער מילכאָמע אַ שילער, ביים דער מילכאָ־מע אַ לייטענאַנט. איצט — אַ דעמאָביליזירטער.

— יאָ, איך זע, אַז ער האָט אַ סאַך פאַכן, — האָט מיט אַ

שמייכל געזאָגט פרומקין, — נאָר מאָן קאָן ער עפּעס? מיט וואָס קאָן ער צוניץ קומען?

— צוניץ קומען קאָן ער געווים... מיט וואָס? דאָס וועט איר אַליין באַשטימען.

— זאָל ער קומען. ווי הייסט ער?

— קאַוועניאָקע.

— קאַוועניאָקע? — האָט איבערגעפרעגט פרומקין מיט אַזאַ טאָן, ווי ער וואָלט געהערט די דאָזיקע פאַמיליע שוין ניט צום ערשטן מאָל און וווּנדערט זיך, פאַרוואָס ער הערט זי איצט ווידער־אַמאָל, — קאַוועניאָקע? אַ ברייטפּלייציקער, אַ הויכער, אַ דעמאָבי־ליזירטער לייטענאַנט?

— ער, ער.

— היינט אינדערפרי האָבן מיר זיך מיט אים באַגעגנט אין שטאָט־קאָמיטעט. יאָ, ער האָט געוואָלט גיין צו מיר אַרבעטן, און איך וואָלט אים גענומען. ער גייט אָבער אין דער שוך־פאַבריק. האָט ער אייך געבעטן? איך פאַרשטיי ניט.

— ניט ער, נאָר זיין פרוי, — און גלייך ווי עסטער האָט עס געזאָגט, האָט זי דערפילט, אַז נאַרישער, ווי זי איז איצט, קען שוין גאָרניט זיין, זי איז רויט געוואָרן און אַראָפּגעלאָזט די אויגן. זי האָט זיך אופגעשטעלט.

— מיר האָט זיך אַמאָל געדוכט, — האָט געזאָגט פרומקין, — אַז איר אַליין האָט אַ פאַרלאַנג קומען אַרבעטן אין דער סטאַנציע.

— איך ווייס ניט, איך געדענק ניט. נאָר אויב אפילו יאָ, וועט איר דאָך פרעגן מיין פאָך.

— אומבאַדינגט.

## 6

אין דעם זעלבן אָוונט איז מינע געקומען צו עסטערן, זי האָט קיין וואָרט ניט געפרעגט וועגן איר ביטע, וועגן עסטערס זיין בא פרומקינען, וועגן די רעזולטאַטן פון איר גאַנג. וועגן דעם האָט זי שוין גאָר פאַרגעסן, זי איז געקומען אָנזאָגן אַ גוטע בשורה: קאַ־וועניאָקע אַרבעט שוין.

— ווו אַרבעט ער? — האָט געפרעגט עסטער.

— באַ אונדז אין דער שוך־פֿאַבריק.

פֿון הײַנט אָן איז די פֿאַבריק פֿאַר איר געוואָרן א ו נ ד ז ע ר ע. פֿון הײַנט אָן גייט די פֿאַבריק אַרײַן אין דער צאָל פֿון אירע גאָענטסטע און טײַערע, פֿון הײַנט אָן טאָר מען אין איר אָנוועזנהײַט ניט זאָגן קיין שלעכט וואָרט וועגן הער דאָזיקער פֿאַבריק.

אַף מאָרגן זײַנען צו עסטערן געקומען מינע מיט איר מאַן און מאַשע מיט איר כאָסן. איצט האָט מען, פֿאַרשטייט זיך, גערעדט נאָר וועגן דער שוך־פֿאַבריק. אָסטריקאָוו האָט געבראַכט דאָס נײַס, אַז מע האָט שוין באַשטימט אַ נײַעם דירעקטאָר פֿאַר דער פֿאַבריק, נאָך האָט ער דערציילט וועגן דעם פּראָיעקט פֿון סאָצגעוועט צווישן דער סטאַנציע מיט דער פֿאַבריק. צו נײַ־יאָר דאַרף זײַן פֿאַרטיק די סטאַנציע. צו נײַ־יאָר דאַרף אויך זײַן פֿאַרטיק דער ערשטער צעך פֿון דער פֿאַבריק. מע וועט גלײַך קאָנען אײַנשליסן דעם שטראָם, און דער צעך וועט נעמען אַרבעטן. דערבײַ ווערט אין סאָצאָפּמאָך אײַנגעשלאָסן אַ פּונקט, אַז די סטאַנציע דאַרף אויסשטעלן פֿאַר דער פֿאַבריק צוויי גוטע מעכאַניקער, ווײַל דער פֿאַבריק פֿעלן ספּעציאַ־ליסטן.

שפּעטער איז געקומען פּרומקין.

— אַ וויזיט פֿאַר אַ וויזיט, — האָט ער געזאָגט. — ווי עס פֿירט זיך צווישן צוויי מעלוכעס.

— צוויי מעלוכעס... — האָט עסטער איבערגעכאַזערט מיט שפּאָס.

— פֿאַרשטייט זיך, פֿרײַנטלעכע מעלוכעס, — האָט פּרומקין גע־שמייכלט. צווישן אַלע געסט איז פּרומקין ניט געווען באַקאַנט נאָר מיט מינען, ער האָט זיך אָבער באַלד אָנגעשטויסן, אַז דאָס איז זי.

אָסטריקאָוו האָט געפֿרעגט פּרומקינען, צי איז ווירקלעך פֿאַראַן אַ פּראָיעקט פֿון סאָצגעוועט. פּרומקין האָט באַשטעטיקט.

— פֿון אייך באַטאַליאָן, — האָט געזאָגט אָסטריקאָוו, — און זײַנען גאָר קענגנער.

— קענגנער, אַז בײדע זאָלן געווינען.

— כאָטש פּרומקין, איך וואָלט געבעטן, אַז די מעכאַניקער זאָלט איר צושיקן, נאָך איידער מע וועט שליסן דאָס געוועט. עס וועט אָפּהאַלטן די אַרבעט.

— זיי זײַנען שוין אַנדערע, מאָרגן וועלן זיי צו אײַך קומען.

— פאר דעם א דאנק. זייער גוט האָס מאָרגן. גוטע מעכאַ־ניקער?

— געוועזן ביידע גוטע. איינער איז הײַנט אין מײַנע אויגן א ביסעלע קאַליע געוואָרן. ער וויל ניט אוועקגיין פון דער סטאַנציע, און מיינט איר פאַרוואָס? מיט דער סטאַנציע איז ער שוין זיכער, זי וועט זײַן פאַרטיק. אויב מע וועט געבן אָרדענס, וועט ער אויך באַקומען. און דאָ דאַרף ער גאָר אוועקגיין. און צי וועט מען געבן פאַר דער שוך־פאַבריק אָרדענס, ווייסט ער ניט. האָט ער ניט גע־וואָלט גיין.

די ערשטע האָט זיך גענומען קלײַבן אַהיים מינע. זי איז אוועק מיטן מאַן און גערופן מיט זיך מאַשען מיט אָסטריקאָווען. דערבײַ האָט זי געטראַכט וועגן פּרומקינען מיט עסטערן, ווי זי טראַכט אַלעמאָל, ווען זי זעט א באָכער מיט א מיידל: „אַז ליבעט האָב איך א גיוך, איך פאַרשטיי זיך".

זלאַטע איז ניט באַשערט געוועזן צו האָבן א ביסל נאַכעט און זען, אַז פּרומקין איז געקומען צו עסטערן. אַז זי איז שפּעטער גע־קומען, האָט זי געהאַלטן אין איין אויספרעגן בא עסטערן, וואָס פּרומקין האָט געזאָגט, ווי ער האָט זיך געהאַלטן, וואָס האָט ער געפרעגט.

— וואָס פרעגסטו זיך אַזוי נאָך, באָבע? ער האָט גערעדט ווי אַלע מענטשן און געפרעגט ווי אַלע מענטשן.

— אָבער דאָך... א גאַנצן אָוונט אַז מע רעדט. עפּעס האָט ער דאָך געזאָגט. וואָס האָט ער געזאָגט?

— מיר האָבן נאָר גערעדט, געזאָגט האָט ער גאָרניט.

— איך פאַרשטיי עס ניט.

## פינפטער קאַפּיטל

### 1

צו נײַ־יאָר דאַרף די סטאַנציע געבן שײַן.

דערווײַל איז אָנהייב ווינטער. א שניי האָט פאַרדעקט סײַ די באַרעוועס הײַזער סײַ די נײַ־געשטעלטע פונדאַמענטן. ליפשיץ ציילט יעדן טאָג, וויפל עס בלײַבט צו נײַ־יאָר. ער פילט, אַז מיט יעדן טאָג ווערט פּרומקין אַלץ אומרויִקער. און צוזאַמען מיט פּרומקינען איז

אומרויִק אויכ ליפשיצ: צי וועט מענ צו נײַיאָר געבנ שײַנ? בא פרומקינענ קענ ליפשיצ קיינ טאָלק ניט דערגייג, דערפאַר, אז ער כאַפּט ארײַנ יאָסענ אָדער ליבענ, ווייסט ער, ווו ער האלט איג דער וועלט.

אָט איז געקומענ ליבע פרעגנ אפּ פרומקינענ. און פרומקינ איז ניט פאראנ. פרעגט זיכ ליפשיצ וועגנ אלע איינצלהײַטנ, ער איז שוינ פאַר דער צײַט געוואָרנ מער עלעקטריקער ווי שנײַדער. ליבע האָט געגעבנ גוטע האָפענונגענ. וויבאלד פרומקינ זאָגט, אז עס וועט זײַנ, וועט זײַנ. איז עס אָבער פאַר ליפשיצנ ווינציק. ער וויל נאָכ ליבענ ניט אוועקלאָזנ. די לעצטע צײַט האָט זיכ ליפשיצ באטראכט: פרומקינ וועט דענ בלײַבנ אייביק א באָכער? איינ מאָל דארפ דאָכ א מענטש כאסענע האָבנ. עס נעמט אימ דוכטנ, אז ניט אומזיסט קומט ליבע, עפּשער איז בא זיי שוינ אלצ אָפּגערעדט און אָפּגעמאכט?

— וואָס איז די אײַלעניש, ליבע, זיצ א ווײַלע.

— כ'וועל שפּעטער ארײַנקומענ. — זאָגט ליבע און שטייט שוינ מיטנ פּאָנעמ צו דער טיר.

— נאָר זיי אײַלנ. דו אײַלסט זיכ, דאָוויד אײַלט זיכ. דו פרעגסט אפּ אימ, און ער...

— און ער? — וויל וויסנ ליבע, וואָס שטייט שוינ אינמיטנ צימער. זי איז דאָכ געוועזנ פארנומענ, זי האָט געאײַלט, איצט האָט זי צײַט און וויל וויסנ: — און ער?

— ער פרעגט אויכ, — ענטפערט ליפשיצ געלאסנ.

— ער פרעגט אויכ? וואָס זאָגט ער? — ליבע איז איצט גאָלע נײַגיר.

— פרעגסט בא מיר? אָדער ער האָט דיר שוינ געזאָגט, אָדער ער וועט דיר עס זאָגנ, מענטש איינער. א שלעכטער באָכער דאָוויד?

— א גוטער.

— איז פארוואָס קומט איר צו אונדז אזוי זעלטנ ארײַנ?

— זאָל איכ קומענ אָפטער, ליפשיצ?

— ווי דענ, טאָכטערקע, א קלייניקײַט זאָגנ, איכ בוי זיכ. איכ בוי פאַר זיכ, פאַר דאָווידנ, פאַר... — ער ענדיקט ניט און קוקט אפּ ליבענ.

— פאַר ועמענ נאָכ? — פרעגט זי.

— א באָבער איז ניט אייביק א באָכער פאַר אייניקלעכ...

— פאר אייניקלעך? — און ליבע לאכט זיך פאנאנדער אי פון די אייניקלעך, אי פון דער אומגעריכטקייט, וויאזוי די אייניקלעך זיינען געקומען.

— טייערינקע, — זאָגט ליפשיץ, — זאָג דעם עמעס, מיר מעגסטו פארטרויען. ער האָט דיר שוין עפעס געזאָגט?

— ווער?

— ווער? פרעגסט „ווער". ווייסט ניט. ער, דאָוויד.

איצט לאכט שוין ליבע, אז זי קאָן זיך ניט איינהאלטן. זי לאכט שוין ניט אזוי פון דער אומדערווארטקייט, נאָר פון דער גרויסער צופרידנקייט, וואָס זי האָט פון ליפשיצעס פראגע: „ווער? דאָוויד".

— שעם זיך ניט, מאָכטערקע, — ליפשיץ שטייט נאָענט לעבן איר, ער לייגט ארויף א האנט אף איר קאָפּ, — שעם זיך ניט. איך בין א טאטע. איך מעג וויסן...

ליבע גיט א געשריי „כ'וועל שפעטער קומען" און לויפט אין איילעניש ארויס.

— זי געפעלט מיר! יענע... א גרויסהאלטערקע, מיינט, זי איז די קליגסטע, געראָטן אין איר באָבען, די אלטע טרעט ניט אָפּ, זי וויל צוגעמען פרומקינען צו זיך, איך זאָל ווידער בלייבן אליין... ליבע געפעלט מיר. איך פארשטיי, ער האָט איר שוין עפעס, מיסמאָמע, געזאָגט. זיי האָבן שוין געווים א סאָד פון מיר. זאָל זיין מיט מאזל! מענטש איינער, א זון, א שנור. און מאקע אייניקלעך. פאר די אייניקלעך וועל איך דאָך זיין אן עמעסער זיידע. אַט וועט אן אייניקל פויזען אף אלע פיר. אָט וועט עס אויסוואקסן, וועל איך אים אָנטאָן א פּיאָנער־טיכל. אָט ווערט עס א קאָמיוגיסט. וואקסט א גרויסער. א געזונטער, א שיינער. און יענע, די גרויסהאלטערקע, איר באָבע... כ'וועל ניט דערלאָזן.

צי ליפשיץ רעדט אזוי צו זיך, צי ער טראכט נאָר אין זיך. די טיר עפנט זיך, און עס קומט אריין יאָסע.

— צו דער צייט, צו דער צייט געקומען, פונקט צום מאזל־טאָוו! — שרייט צו אים ליפשיץ.

— מאזלטאָוו? — וואונדערט זיך יאָסע, — עמעצער האָט געטרונקען, און איר, ליפשיץ, זייט שיקער?

— שיקער? בין איך שיקער! מיר קומט מאזלטאָוו. — ליפשיץ פילט זיך טאקע, ווי אף א גרויסן יאָמטעוו, ווו ער איז דאָס איי־

בערשטע פונ שטייסל. ער איז יאָמטעוודיק אופגעלייגט. ער האָט עפשער געטרונקענ ווײַנ אויכ, ווער ווייסט? — א שלעכטער באָכער דאָוויד? א שלעכט מיידל ליבע? — ליפשיצ קוקט ווי מיט גליקלעכע, פארשיקערטע אויגנ אפ יאָסענ. ער כאפּט ארום יאָסענ אונ וויל זיכ מיט אים נעמענ דרייענ.

— טאקע שיקער, — זאָגט יאָסע, — ליבע איז דאָ געווענ?

— הערט נאָר א מײַסע, — ווי דענ זשע? געווענ, געווענ! מענטש איינער, אלצ אָפּגערעדט! א קלייניקייט זאָגנ.

— מיט אזוינע זאכנ שפּאסט מענ ניט, — זאָגט יאָסע שטרענג.

— געווענ אונ אלצ אָפּגערעדט. איכ בוי א הויז פאר מיר, פאר דאָווידנ, פאר ליבענ.

— איר בויט? אונ איכ? איר מיינט, איכ בינ א מעכוטנ אפ שטיינ הינטערנ פּעכצעטער בא עמעצנ, א פינפטע ראָד צום וואָגנ? איכ וויים אויכ, ווו כאסאנים וואקסנ! איכ בוי אליינ. אונ ווער עס וויל קומענ מיר אָפּגעבנ מאזלטאָוו — צו מיר אהיים!

— איר פארשטייט ניט, יאָסע...

— ראק מע מיינט, אז יאָסע קאָנ ניט פארשטיינ, יאָסע איז דענ פונ שטיינ? יאָסע לויפט, פליט, טומלט. יאָסעס יאָרנ זײַנענ אלטע, אָבער ער אליינ וויל זיכ ניט אונטערגעבנ. איר מיינט, יאָסענ קלעקט ניט קיינ פארלאנג צו ווערנ זײַנ א זיידע פונ אור־אייניקלעכ? מע מיינט: יאָסע אײַלט, יאָסע לויפט, ווײַל ער איז א שטעקנ אָנ א ווארצל, אימ איז גרינג ארימצולויפנ, אָנזאָגנ אלעמענ גוט־מאָרגנ. נײַנ, ליפשיצ, ניינ, יאנקל. יאָסע זאָגט אלעמאָל אָנ גוטע בסורעס, ווײַל ער האָט אויכ זײַנ פּאָדעמ אינ דעמ גרויסנ וואָרצל, יאָסע דער מוליער, יאָסע דער פארטיזאנ, יאָסע דער טאטע פונ דרײַ אומגעקור מענע הויטארמייער... יאָסע...

ער גיט א מאכ מיט דער האנט, טוט א קלאפּ מיט דער טיר אונ גייט אוועק.

פונ ליפשיצנ איז דער גאנצער יאָמטעוו אראָפּ. ער בלײַבט זיצנ אפנ שטול, וועלכנ ער האָט פאָרגעלייגט יאָסענ, ווי אנ אויסגעצאפּ־טער, ווי אינ אימ וואָלט גאָרניט געבליבנ, אויסער א קורצנ אָטעמ אפ אופכאפּנ די לופט. אינ צימער בא אימ איז שטיל. דאָס פענצטער איז פארשאָטנ מיט שניי. אפנ טיש ברענט דאָס קעראָסינ־לעמפּל.

און מע הערט אפילע, ווי עס קנאקט דער קנויט. שווער צו זײַן אליין. צום גליק, קומט אַרײַן זלאטע.

— זיצט, זלאטע.

— א דאנק.

— איר זײַט א קלוגע ייִדענע און קאָנט ניט פארשטיין ליפּ־שיצן. איך ציטער, ראק מיר דוכט זיך, ער גייט אוועק. מע נעמט אים צו.

— און אייגענע קינדער בלײַבן דען באם טאטנס פּאָלע? דער־מאָנט זיך אײַערע באָכערשע יאָרן, ליפּשיץ.

— בא מײַן טאטן בין איך געווען א בען־יאָכיד, האָט ער ניט געוואָלט מיך לאָזן כאסענע האָבן. בא וועמען וועט ער בלײַבן, — האָט ער געטײַנעט.

— האָט איר ניט כאסענע געהאט?

— און בא וועמען וועל איך בלײַבן? — האָט ליפּשיץ זיך גע־בעטן בא זלאטען.

עס דוכט, אז זלאטעס קלוגינקע געמבעלע שמייכלט. בא די אײַנגעפאלענע מויל־ווינקלען קומט עפּעס פּאָר, דאָס מויל באראט זיך מיט זיך אליין: זאָגן צי ניט? און אָט דערפילט מען, ווי די ליפּן באשליסן: ארײַנזאָגן!

— איך האָב ליב מײַן אייניקל צוליב איר. איר האָט ליב פרומ־קינען צוליב זיך.

— רעדט ניט אזוי, — בעט זיך ליפּשיץ, — רעדט ניט. — ער פילט, אז זלאטע איז גערעכט, און דעריבער גיט ער צו, — דאָס הארץ טוט וויי.

נאָר זלאטע קאָן ניט שווײַגן, אָדער וויל ניט שווײַגן. אז זי האָט אים שוין יאָ געכאפּט בא דער האנט, אז ער בעט זיך שוין בא איר, אז ער האָט דערפילט זײַן אומגערעכטיקייט, וועט זי כאָטש האָבן האנאָע פון ארײַנזאָגן. פארשווײַגן איז שוין איבער אירע קרעפטן. עפּשער וועט זי שפּעטער כאראָטע האָבן, אָבער אפ שווײַגן איצט קאָן קיין שום קלוגשאפט ניט העלפן.

— איר מיינט, ליפּשיץ, עס וואַנדט זיך אָן אונדז, אָן אײַך, אָן מיר. פרילינג קומט ארוים די זון, מוז די ערד גרינען. א באָכער קוקט אפ א מיידל — הייבט זיך אָן א ליבע.

— כאלוימעס! אויסטראכטענישנ! איר מיינט, אז אפ גלײַבווערטלעכ שטייט די וועלט, ווערטלעכ זײַנענ פאראנ אי פאר אי קעגנ, מענטש אייבער.

ניט איינ מאָל אינ איר לעבנ האָט זלאטע געזאָגט פאר שכײַנימ אונ באקאנטע: די גאנצע כאָכמע פונ א צונג — איז קענענ צו דער צײַט זי אָפּבײַסנ. נאָר ווי אלע מענטשנ, האָט זלאטע אויכ געהאט אינ זינענ נאָר יענעמס צונג. איר אייגענער קענ זי דערלויבנ עטוואָס מער.

— ביסט אלט, יאנקל.

— רעדט ניט אזוי, רעדט ניט. דאָס הארצ טוט וויי, — הייבט אנ ליפשיצ קימאַט מיט געבעט.

— טראכסט נאָר וועגנ זיכ! וויפל מענטשנ האָבנ עס איבערגעלעבט אינ די מילכאָמע־יאָרנ. דוכט זיכ, אלע זײַנענ געוואָרנ קליגער. אונ דו, ליפשיצ, איכ ווייס ניט. נעמ זיכ אראָפּ א מאָשל פונ דאָווידנ. אָט ער געפעלט מיר!

— דאָוויד. מײַנ דאָוויד?

— דאָוויד! א מענטש מיט גאָלדענע הענט, מיט א קאָפּ, מיט א הארצ, א פארטיינער. האלעווײַ פאר עסטערנ אזא כאָסנ.

ליפשיצ איז געווענ שטארק בלאס.

— איר זוכט אימ לאנג, איכ ווייס. — האָט ער געזאָגט.

— איכ זוכ אימ ניט, איכ האָב אימ געפונענ!

## 2

ניט פרומקינ ווייסט, אז ליפשיצ רעדט אימ א „שידעכ" מיט ליבענ, ניט עסטער ווייסט, אז די באָבע רעדט איר א „שידעכ" מיט פרומקינענ. פרומקינ וואָלט געלאכט, געלאכט פונ גאנצנ הארצנ פונ אזא אײַנפאל. פאר עסטערנ היט זיכ די באָבע, ווי פאר פײַער, עס זאָל אפילע ניט פאלנ קיינ סימענ פונ א כשאד. מער פעלט טאקע ניט זלאטענ, אז עסטער זאָל זיכ דערוויסנ, אז זי האָט געזאָגט ליפשיצנ „האלעווײַ פאר עסטערנ אזא כאָסנ". כווישעכ וואָלט געווענ. עסטער וואָלט ניט נאָר פונ דער היימ אוועק, זי וואָלט אפילע די גאס אויסגעמיטנ. זי קענ עסטערנ — א הארט ניסל.

צו עסטערנ קומענ געסט. מינע מיטנ מאנ. מאשע מיט איך כאָסנ. אָפט רעדט מענ וועגנ דער עלעקטראָ־סטאנציע: צי וועט צו נײַ־יאָר זײַנ ליכט? פרומקינענ זעט מענ זעלטנ אינ דער היים. גאנצע מעטלעסנ איז ער אפ דער ארבעט. אלעמאָל, ווענ מע נעמט צוווייפלענ, צי וועט צו נײַ־יאָר זײַנ פארטיק די סטאנציע, דערפילט עסטער אנ אומרו. זי ווינטשט פרומקינענ דערפאָלג.

מינע אײַזנשטיינ איז זייער אָפט בא עסטערנ אונ ברענגט אלעמאָל נײַס וועגנ זיכ, וועגנ מאנ, וועגנ באקאנטע.

אונ וואָס מער זי קומט, אלץ מער נעמט זי עסטערנ ווערנ דערווידער. עסטערנ אינטערעסירנ ניט די אלע קלייניקײַטנ, ברעקעלעכ, שטויבעלעכ, וואָס מינע קלײַבט צונויפ אונ דערציילט מיט האנאָע, ווי דאָס וואָלט געווענ איר איינציקער אינטערעס אינ לעבנ.

פאר זיכ האָט עסטער עטלעכע מאָל א טראכט געטאָנ וועגנ איר: א בעזעמ, וואָס קערט צונויפ דעמ שטויב פונ דיל. די נאפקע־מינע נאָר: א בעזעמ שטעלט זיכ אינ א ווינקל, אונ זי קריכט אויבנאָנ. באזונדערס פארדריסט זי, ווענ מינע זאָגט אונדזער פאבריק, אונדזער דירעקטאָר... עסטער האָט דעמלט אזא געפיל, ווי יענע וואָלט די פאבריק מיטנ דירעקטאָר ארײַנגעלייגט צו זיכ אינ קעשענע.

עס מאכט אנ אײַנדרוק, אז מינע טוט זיכ אָנ אינ אײַלעניש. וואָס עס מאכט זיכ אונטער די הענט, טוט זי אָנ. וויבאלד זי האָט א מאנ, דארפ זי זיכ ניט פוצנ אונ האלטנ פונ קיינ מאָדעס, זי זעט אויס ווי א ווײַבל, וואָס האָט אלע יאָר א קינד.

מינע אײַזנשטיינ קענ ניט זײַנ גלײַכגילטיק צו קיינ זאכ, וואָס האָט א שײַכעס צו איר. וויבאלד א זאכ איז ניט אירע, וועט זי אפילע ניט קוקנ אפ איר. נאָר ווערט די זאכ אירע, ווערט זי די בעסטע זאכ אינ דער וועלט. דאָס זעלבע איז בא איר מיט מענטשנ. איר מאנ, וויבאלד ער איז איר מאנ, איז צו אימ קיינ גלײַכנס ניטאָ.

— ער איז אזא דעליקאטער, אזא פילבארער, אזא איידעלער.

ער איז שוינ ניט „טראקטאָר“, ניט „איליא מוראָמעצ“, ניט אפילע קאווענאָקע, נאָר קאוועלע.

— ווייסט, — חאָט זי איינמאָל געבראכט א בסורע, — איכ מיט קאוועלענ האָבנ באשלאָסנ האָבנ א קינד.

זי האָט זיך די ערשטע דערוווּסט דאָס נײַס, אַז געסט זײַנען פאַראַן אין שטאָט, — כאַווײרים פון שול. טעוויע זלאַטקין איז געקומען — אַ סטודענט פון מאָסקווער מעלוכע־אוניווערסיטעט. עס זײַנען געקומען צוויי כאַווערטעס: פעסל שעכטער און שיינדל שוסטער. פעסל שעכטער האָט שוין אַ מאַן און אַ קינד, זי וווינט אין מאָסקווע און איז געקומען פאַרקויפן איר מאַמעס שטוב. שיינדל שוסטער איז געקומען, עפּשער וועט זי געפינען כאָטש אַ שפּור פון איר מישפּאָכע. פעסלס מאַן איז אַ דאָקטער. שיינדל שוסטער ענדיקט אינזשעניער.

— זלאַטקין איז נאָך אַ באָכער! — האָט מינע אָנגעזאָגט עסטערן, ווי עפּעס זייער אַ וויכטיק נײַס.

אַלע כאַווײרים זײַנען געקומען צו עסטערן אין געסט. זיי זײַנען געזעסן באַם קליינעם קײַלעכדיקן טישל און געטרונקען טיי. עס איז געווען פריילעך, מע האָט זיך דערמאָנט די שול־יאָרן, און אַלעמען האָט געדוכט, אַז מע איז צוריק געוואָרן 17—18 יאָר. עס האָט אַ שמעק געטאָן מיטן לעצטן יאָר פון פאַר דער מילכאָמע, און ס׳האָט געגומען דוכטן, אַז דאָס האָט מען זיך צונויפגעקליבן אין דעם גרויסן שול־הויף, אין דעם סעדל מיט די עטלעכע אַלטע אָפּגעקאַלכטע עפּל־ביימער, מע קלײַבט זיך אַפן שפּאַציר, וואָס האָט זיי אַרויסגעפירט פון קלאַס אין דער גרויסער וועלט אַרײַן. פונקט ווי אַלץ, וואָס איז אַוועק און וועט זיך ניט אומקערן, האָט ער זיי איצט אויסגעזען באַזונדערס שיין און ליב.

— אַפן אַרויסלאָז־אָוונט ביסטו געקומען אין אַ ווײַס קעלנערל, עסטער. איך האָב עס פאַרגעדענקט, באַזונדערס, די צוויי פאַרשפּיצטע עקן.

— און דו, פעסל, האָסט אָנגעטאָן נײַע טופל, און זיי האָבן דיר געקוועטשט די פיס. ביסט נישט געגאַנגען, נאָר געהונקען, די יינגלעך האָבן אַף דיר געהאַט ראַכמאָנעס.

— און שיינדל, ווי אַף צולאָכעס, איז געקומען אין דעם וואָכעדיקן קלייד, זי האָט עפּעס עמעצן געזאָגט: „כ׳בין אַזוי אויך שיין”.

אַזוי האָט דערציילט מינע. די מיידלעך האָבן זי געפרעגט:

— און דו, מינע, געדענקסט זיך נים?

— אַף יענעם אָוונט, — האָט געזאָגט מינע, — האָט קאַוועלע

אַם מיר אַזוי געקוקט, אַז אין האַרצן האָט געקלאַפּט. און איר הערט, מיידלעך, ווי עמעצער וואָלט מיר שעפּטשען: ער וועט זײַן דײַן מאַן. איך האָב זיך דערשראָקן, ווײַל דעמלט האָב איך מיט אים ניט גע־רעדט, מיר זײַנען געווען צעקריגט.

דערנאָך האָט מען דערמאָנט אַלע אומגעקומענע, אַלע לעבעדיקע, וועגן אַלעמען דערציילט פאַרשיידענע אײנצלהײטן, וואָס פאַרגעדענ־קען זיך פון די קינדער־יאָרן.

דעם גאַנצן אָוונט איז קאַוועגאָקע געזעסן, געהערט און געשוויגן. די שטימונג איז בײַ אים געווען אַ גוטע, עס האָט זיך געפילט, ער קלײַבט זיך דערציילן עפּעס פריילעכס. געשוויגן האָט ער דערפאַר, ווײַל מינע האָט ניט געוואָלט, ער זאָל ריידן.

אַז מענדל קאַוועגאָקע איז געקומען אַהיים מיט אַ גאַנצער ברוסט אָרדענס, האָט מינע די ערשטע זאַך גענומען צו אים צושטיין, ער זאָל דערציילן וועגן זײַנע העלדישקײטן. און וואָס קאַוועגאָקע האָט ניט דערציילט, איז איר אַלץ ניט געווען צום האַרצן, ניט געפעלן גע־וואָרן. זי האָט געוואַרט אויף וווּנדערלעכע מעשׂיות, אויף אַזוינס, וואָס זאָל אויפטרייסלען די וועלט, און אויסגעלאָזט האָט זיך, אַז ער דער־ציילט פּאָשעטע זאַכן: געשאָסן, געשלאָגן, אָנגעגריפן. מינע האָט באַשלאָסן, אַז זי מוז שווייגן, ווײַל זי האָט קיין אַנדער ברירה ניט, אָבער פאַר אַנדערע דאַרף ער גאָרניט דערציילן, עס פּאַסט ניט

קאַוועגאָקע האָט פּײַנט טומל און קריגערײַ, ביפראַט נאָך בײַ זיך אין שטוב, — גיט ער נאָך. מינע, וועלכע האָט אַמאָל געוואָלט, אַז איר נאָמען זאָל קלינגען איבער דער גאַנצער וועלט, וועלכע האָט אַמאָל ניט געטראַכט וועגן באַכערים און אַפילו גערעכנט אינגאַנצן ניט כאַסענע האָבן, געהערט צו יענע פרויען, וואָס נאָך דער כאַ־סענע ווערן זיי אַ ביסל אָפּגעלאָזן און קלעפּן זיך אַזוי אײַן אין די מענער, אַז די מענער ווערט אַמאָל אַפילו פּריקרע פון זייער צו גרויסער איבערגעגעבנקײט, צו זיסער ליבע.

קאַוועגאָקע איז אַ שטילער און אַ רויקער, ער האָט זײַנע גע־ראַנקען, זײַנע פאַרלאַנגען, זײַן וועג און גייט צו זײַן ציל. אים לאָזט ניט רוען דער אַטאָם. עס לאָזט זיך אויס, אַז דאָס סאַמע קלענסטע איז גאָר דאָס סאַמע גרעסטע. פונעם נײַעם לערניאָר פאָרט ער ווי־דער אין אוניווערסיטעט, אָפּן צווייטן קורס. ער לייענט איצט אַ סאַך, ער אינטערעסירט זיך מיט פיזיק־פּראָבלעמען. אַמאָל טרעפט, ער

שלאָפֿט שפּעט ניט אײַן. דערמאַנט זעט ער, ווי ער באַקומט אַרויס אַטאָם־ענערגיע, ווי ער גיט די דאָזיקע ענערגיע די זאַוואָדן און פאַב־ריקן. פֿון אויפֿרעגונג און פֿון גרויס פֿרייד נעמט ער זיך קערן פֿון זײַט אויף זײַט, ביז מײַנע כאַפּט זיך אויף.

— וועגן וואָס טראַכסטו, קאַוועלע?

— איך שלאָף.

קאַוועניאַקע פֿאַרשטייט, זאָל ער נאָר מײַנען אָנטרויען זײַנע גע־דאַנקען, וועלן עס אַף מאָרגן וויסן אַלע שכנים, אַלע באַקאַנטע. דערבײַ וועט זיך עס בײַ מײַנען באַקומען, אַז קאַוועניאַקע האָט שוין אַלץ דערפֿונדן, אַז איצט איז די פֿראַגע מיטן אַטאָם געלייזט, אַז קאַוועלע פֿאָרט הײַנט, מאָרגן קיין מאָסקווע.

אָבער ביזן סאַמע זיצן און שווײַגן קען ער אויך ניט. די כאַווע־רישע סוויווע האָט אים אַזוי צעוואַרעמט, די דערמאָנונגען וועגן די שילער־יאָרן האָבן אַף אים אַזוי געווירקט, אַז אים האָט זיך טאַקע געוואָלט עפּעס זאָגן. און דאָ האָבן נאָך אַלע גענומען בעטן.

— גוט, — האָט ער געזאָגט, — כ'וועל דערציילן. בײַ מיר איז, אַפּנים, אַזאַ טבֿע, כ'פֿאַרגעדענק נאָר קלייניקײַטן. עס טרעפֿט, אַז פֿון אַ געשעעניש, פֿון אַ צופֿאַל, פֿון אַ פֿאַקט בלײַבט בײַ מיר אין זיקאָרן נאָר אַ קלייניקײַט. דעריבער וועל איך טאַקע אָנהייבן פֿון אַ קלייניקײַט, וואָס האָט זיך מיר פֿאַרגעדענקט. צי שטעלט איר זיך פֿאָר, ווי עס זעט אויס אַ מענטשנס פּאָנעם אין אַ פּראָסט? אַמאָל האָב איך געהערט זאָגן, אַז פֿאַר אַ מיידל איז גוט אַ פּראָסט, ווײַל די בעקלעך ווערן רויט, זי ווערט שענער. פֿאַר אַ פֿרוי, וואָס גייט אַרויס פֿון מיטל־עלטער, איז אַ פּראָסט אַ מאַסער. ער מאַסערט וועגן אַלע קנייטשן אַפֿן פּאָנעם. קוקט זיך צו, וועט איר באַמערקן, אַז אַף אַ פּאָנעם מיט קנייטשן באַקומען זיך ביים אַ פּראָסט רויטע און ווײַסע פֿאַסן. די קנייטשן בלײַבן ווײַס. איך האָב ניט ליב אַזאַ פּאָנעם. אַז איך דערזע אַזאַ פּאָנעם, קומט מיר גלײַך אַפֿן געדאַנק אַ פֿרוי, וואָס הייסט יעלענאַ פּעטראָוונאַ. צו יענער צײַט איז יעלענאַ פּעטראָוונאַ געווען אַ יאָר פֿופֿציק, נאָר אויסגעזען האָט זי אַ יאָר דרײַ און דרײַסיק — פֿינף און דרײַסיק.

איך בין נאָרוואָס אַרויס פֿון שפּיטאָל.

— איך נאָוואָסיבירסק, — האָט איבערגעשלאָגן מײַנע.

— יאָ, אין נאָוואָסיבירסק, — האָט באַשטעטיקט קאַוועגאָקע. — איך גיי איבער דער גאַס און שפּאַר זיך אָן אין א שטעקעלע. איך גיי לאַנגזאַם און טראַכט: צו וועמען גייט מען אַריין, וווּ געפינט מען א באַקאַנטן?

— אַז מיר זיינען אין נאָוואָסיבירסק, האָט ער נאָך ניט גע־וווּסט, — האָט ווידער אונטערגעזאָגט מינע.

— ניט געוווּסט, — האָט באַשטעטיקט קאַוועגאָקע.

— דערנאָך האָבן מיר זיך באַגעגנט. ס'איז געווען אין טעאַטער ער האָט מיך גלייך דערקענט, און איך אים...

— וואַרט אויס, — האָט געזאָגט פּעסל שעכטער, — לאָמיר ריידן לויט דער ריי. זאָל קאַוועגאָקע פאַרענדיקן, וועט מינע דער־ציילן. עמעס, מיידלעך?

קאַוועגאָקע האָט פאָרגעזעצט:

— צייט האָב איך, גיי איך פּאַמעלעך און באַטראַכט מענטשן. איך זע, עס גייט א פרוי, שיין אָנגעטאָן, מיט א פּראַסטיקן רויטן פּאַנעם, נאָר אַז זי קומט צו נענטער, דערזע איך א רויט פּאַנעם מיט א סאַך ווייסע פּאַסיקלעך. איך האָב אַזא פּאַנעם ניט ליב, נעם איך גיין גיכער און קוק אין א זייט.

— כאַווער לייטענאַנט, אַנטשולדיקט.

איך הייב אויף דעם קאָפּ, און איך זע, אַז די פרוי מיטן רויטן פּאַנעם און מיט די ווייסע פּאַסיקלעך שטייט לעבן מיר.

— כאַווער לייטענאַנט, אַנטשולדיקט. איך בין א מאַמע, וואָס האָט א זון אָפּן פראָנט. איין־איינציקן זון. וועט איר פאַרשטיין און מיר אַנטשולדיקן.

— ביטע, — זאָג איך, — פרעגט.

— אייער פאַמיליע איז ניט קאַוועגאָקע?

פון איבעראַשונג פרעג איך בא איר איבער:

— קאַוועגאָקע? יאָ, קאַוועגאָקע.

— דעם לייטענאַנט לעבעדיעוו קענט איר?

— דעם לייטענאַנט לעבעדיעוו? געוויס.

— ער האָט מיר געשריבן, אַז איר האָט זיך געכאַוועט אָפּן פראָנט.

— די בעסטע כאַווירים! — שריי איך אויס. — איר זייט זיין

מאמע. זומער וואָלט איך אײַך דערקענט. ווינטער זעט איר אויס עלטער.

— יאָ, — זאָגט זי, — דער פראָסט איז גוט פאר יונגע מייד־לעך, אָבער אונדז, אלטע פרויען, קוילעט ער אָן א מעסער.

— יעלענא פעטראָוונא רופט מען אײַך, דאָס ווייס איך. נאָר וויאַזוי האָט איר מיך, יעלענא פעטראָוונא, דערקענט, פונוואנען האָט איר זיך אָנגעשטויסן?

— קומט אַרײַן צו מיר, וועט איר אַלץ וויסן, איך ווױן דאָ ניט ווײַט...

פארשטייט זיך, אז איך בין מיט פרייד צו איר אוועק. זי האָט מיך מעכאבעד געווען מיט גוטע זאכן, און איך, פארשטייט זיך, האָב דערציילט וועגן איר זון, וועגן מײַן כאַווער לעבעדיעוו, מיר זײַנען ביידע געווען לייטענאנטן און ביידע קאָמאנדירן פון ווזוואָדן אין איין ראָטע.

— קעדיי איר זאָלט וויסן, ווי איך האָב אײַך דערקענט, וועל איך אײַך געבן לייענען א בריוו פון מײַן זון. ערשט נעכטן באקומען.

אין בריוו איז געשטאנען אומגעפער אזוי:

„טײַערע מאמוסיא.

איך האָב זיך דערוווּסט, אז מײַן כאַווער קאַוועלאַקע (א לייטע־נאנט פון אונדזער ראָטע) געפינט זיך אין נאָוואָסיבירסק אין א שפּי־טאָל. מײַן ביטע צו דיר איז, אז דו זאָלסט אים געפינען און אַרײַנ־גיין צו אים. גיב אים איבער מײַנע בעסטע גרוסן און זאָג אים, אז אָן אים איז מיר אומעטיק. זאָל ער גיכער געזונט ווערן. וועסט אים אפילע דערקענען אָפּ דער גאס לויטן פּאָריקן בריוו, ווו איך האָב אים באשריבן. ער דיך וועט אויך דערקענען. ער ווייסט אפילע, אז ווען מיר פלעגן ארויסגיין זומער פארנאכט אין פארק, פלעגט מען אונדז נאָכקוקן און זאָגן וועגן מיר, אז איך בין א נאר: א באָכער פון א יאָר צוואנציק (געווען איז מיר אכצן) שפּאצירט מיט אן אלטער מויד פון א יאָר אכט און צוואנציק. ווען ער טרעפט דיך אָפּ דער גאס, וואָלט ער דיך געוויס דערקענט. טאָמער טרעפט ער דיך אָבער ווינטער, אין א פראָסט, דעמלט ווייס איך ניט. אין זײַנע אויגן ביסטו זייער א יונגע, און דו, מאמוסיא, ווינטער,

ווענ דער פראָסט איז גרויס, ווערסטו עלטער מיט די ווײַסע פּאסיק־לעך אפן פּאָנעם".

— אז איך האָב באקומענ דעם בריוו, — האָט געזאָגט יעלענא בעמיראָוונא, — האָב איך באשלאָסנ אײַך אופזוכנ אינ א שפּיטאָל. צוליב דעם בינ איך הײַנט ארויס אינ גאס. אז איך האָב אײַך דער־זענ, האָב איך אײַך גלײַך דערקענט. א מאמעס הארצ דארפ קיינ סאך ניט האָבנ. וואָס עס דערזעט ניט, דאָס דערפילט עס. ניט איבער מײַנ זונ, אז ער האָט אײַך אזוי ריכטיק אונ גוט באשריבנ, אז איך האָב אײַך גלײַך דערקענט. פארגעסט ניט אויסמאָלנ אונדזער באגע־געניש, ער וועט זײַנ זייער צופרידנ אונ וועט האָבנ הנאה.

כ'האָב צוגעזאָגט פּינקטלעך אלצ איבערגעבנ. אז איך בינ גע־וואָרנ אינגאנצנ געזונט אונ צוריק געקומענ אינ מײַנ פּאָלק, אינ מײַנ ראָטע, האָב איך...

— פּרוער ביסטו געווענ בא אונדז. מיר האָבנ זיך באגעגנט אינ טעאטער... — האָט מינע ניט אויסגעהאלטנ.

אלע מיידלעך זײַנענ אפ איר אָנגעפאלנ.

— וויאזוי איר האָט כאסענע געהאט, וויסנ מיר. לאָז אים ענ־דיקנ. נו? — האָבנ זיך אלע געווענדעט צו קאווענאָקענ, — נו? וואָס האָט ער געזאָגט אפ דער באגעגעניש?

— ער האָט גאָרניט געזאָגט. מיט א כוידעש פרוער איז ער אומגעקומענ.

---

אינ א וואָך ארום איז פונ בערלינ געקומענ דער דעמאָביליזיר־טער עלטערער לייטענאנט ראָכעלע קאָפּטשיק.

זי האָט געטראָגנ שיינע שטיוועלעך אפ הויכע קנאפל, דער שי־נעל איז אפ איר געלעגנ ווי אויסגעגאָסנ. זי איז געווענ די זעלבע דינע אונ איידעלע, מיט א פּאָנעם, וואָס רעאגירט אפ אלצ שנעל. אירע אויגנ זײַנענ געוואָרנ גרעסער, שווארצער, אינ זיי איז צוגעקו־מענ א פײַכטלעכער גלאנצ. אלע קוקנ איר נאָך אונ שמייכלענ פונ פארגעניגנ. אלע קוקנ איר נאָך אונ בענטשנ איר שטאָלצנ פרוישנ טראָט אינ די לײַכטע שטיוועלעך אפ הויכע קנאפל.

ווידער האָבנ זיך צונויפגעקליבנ די שול־כאוויירים צו עססערנ, אונ אלע האָבנ געבעטנ קאָפּטשיקנ, זי זאָל עפּעס דערציילנ.

— מיידלעך, אז איך האָב אײַך ניט וואָס צו דערציילנ. איר

ווילט דאָך מויזנט איין נאכט. און איך בין סאכאקל געווען א שטור־מאַן אף א שווערן באָמבארדירער.

— און פארוואָס האָט מען דיר געגעבן אָרדענס?

— פאר שלאָגן דעם דייטש. זאָגט מיר בעסער, מיידלעך, וואָס רעכנט איר איצט ווייטער טאָן?

— און דו?

— איך? מיך לאָזט נים פֿרוען דער אטאָם. איך פֿאָר זיך לערנען.

— אוים ארטיסטקע?

— שפּילן איז גוט, נאָר לעבן איז בעסער.

עסטער איז צו איר צוגעגאנגען און ארומגענומען.

— אָבער הײַנט, ראָכעלע, שפּיל נאָך פאר אונדז, דעקלאַמיר, האָסט נים פארגעסן?

ראָכעלע האָט זיך אופגעשטעלט. זי האָט דעם שטול געשטעלט מיטן ווענטל צו זיך, זי האָט מיט אירע איידעלע לאנגע פינגער צו־רעכט געמאכט די גימנאסטיאָרקע ארום דעם רימען, אויסגעגלײַכט זיך, פארהויבן דעם קאָפּ צום באלקן, פונקט אזוי ווי אין די שול־יאָרן.

אין צימער איז געוואָרן שטיל. ראָכעלע האָט אָנגעהויבן:

— „די פרומע קאץ" פון יִצחאק־לייבוש פּערעצ. „דרײַ זינג־פייגע־לעך זײַנען געווען אין דער שטוב, און אלע דרײַ, איינס נאָכן צווייטן, האָט די קאץ צורעכט געמאכט..."

## 3

זלאטקין — א שווארצער, מיט געקרויזטע האָר און מיט א שווארצקײַט ארום די ליפּן, כאָטש די וואָנצעס זײַנען ריין אָפּגע־גאָלט, איז נים אָפּגעטראָטן פון עסטערן. ער האָט זיך געסטארעט איר געפעלן ווערן. עסטער האָט געלאכט פון זײַנע קלוגע אײַנפאלן. די לעצטע צײַט איז בא איר געוואָרן א מאָדנע טעווע: אלעמען פארגלײַכן מיט פרומקינען. אין פארגלײַך מיט פרומקינען זעט ער אוים, ווי א יִנגל, וואָס דארף נאָך אָפּגעבן די לעצטע עקזאמענעס אין שול. באצויגן האָט זי זיך צו זלאטקינען זייער פרײַנטלעך. נאָך דער באגעגעניש פון אלע שול־כאווייריִם איז זלאטקין געקומען אליין. זיי האָבן געהאט א סאך וועגן וואָס צו ריידן און וועגן וואָס זיך

צו דערמאָנענ, נאָכדעמ איז ער געקומענ א דריט מאָל. דאָס מאָל האָט זיכ שוינ געדוכט, אז מע נעמט זיכ א ביסל איבערכאזערנ.

מינע איז געקומענ צו עסטערנ אונ זי ארויסגערופנ אַפּ א „סעקרעט". אינ דער מינוט איז זי געווענ די זעלבע מינע, וואָס פאר דער מילכאָמע.

— מע קאָנ דיכ באגריסנ, — האָט זי געזאָגט, — אזא דער־פאָלג.

עסטער האָט ניט פארשטאנענ.

— נו, טײַערינקע, מאכסט זיכ ניט ווייסנדיק. איכ ווייס אלצ.

— אונ איכ ווייס גאָרניט. דערצייל, אדעראבע.

— זלאטקינ, מע זעט פאר א מײַל, אז ער איז פארליבט.

— אינ וועמענ?

— אינ וועמענ? אינ דיר!

— אונ איכ ווייס עס ניט.

— נו, טײַערינקע, זאָג עס ניט. אונ דו? אונדזוערער א שול־כאווער... נו גוט, איכ שווײַג... מיידלעכ שעמענ זיכ. זאָלסט מיכ רופנ אַפּ דער כאסענע. איכ האָב דיר די ערשטע אָנ־געזאָגט, אז ער איז א באָכער.

מינע אײַזנשטיינ פארשטייט ניט, ווי קאָנ עס א מיידל ניט כא־סענע האָבנ, וויבאלד זי, מינע, האָט שוינ כאסענע געהאט. זי קאָנ זיכ גאָרניט פאָרשטעלנ, ווי קאָנ מענ עס לעבנ אָנ א קאוועלע.

מעוויע זלאטקינ, וואָס האָט פריִער גערעכנט זיכ ניט לאנג פאר־האלטנ אינ דער שטאָט, בלײַבט ביז איבער נײַ־יאָר. אלע טאָג קומט ער צו עסטערנ.

זינט זלאטקינ האָט גענומענ צו איר אָפּט ארײַנקומענ, פּונקט ווי ער וואָלט פונ מאָסקווע געקומענ נאָר צוליב דעמ, אז ער זאָל קוקנ אַפּ איר מיט פארבענקטע געטרײַע בליקנ, קוקנ נאָכ איר יעדער קער, אופכאפנ איר יעדע שטימונג אונ פארלאנג, — זינט דעמלט האָט עסטער דערפילט, אז צווישנ איר מיט פרומקינענ ליגט אזא בארג, וואָס וועט זיי קיינמאָל ניט לאָזנ זיכ דערנעענטערנ. דער דאָ־זיקער בארג איז פאר איר, עסטערנ, געווענ דער געדאנק, אז ניט זי האָט פרומקינ געזוכט. געזוכט האָט ער אנ אנדערע, זי איז נאָר ענלעכ. געזוכט האָט ער „יענע", אונ זי איז צופעליק אָנגעקומענ. דאָס האָט זי אזוי פארדראָסנ, אזוי באליידיקט, אז זי האָט זיכ גע־

וואָלט פאר עמעצנ אויסריידנ דאָס הארצ. קיינמאָל אינ איר לעבנ איז עסטער ניט געווענ קיינ ענלעכע, קיינ צופּעליקע, זי איז אלעמאָל גע־ווענ זי — עסטער, וואָס האָט קיינמאָל קיינעמ ניט דערלאָזט צו אירע געפילנ. איצט וויל זי אליינ עמעצנ רופנ, מע זאָל זי אויסהערנ אונ זאָגנ, צי קענ זי, עסטער, זײַנ נאָר אנ ענלעכע... זי איז אלעמאָל געווענ די איינציקע.

א וואָכנ צוויי פארנ נײַ־יאָר איז מאשע געקומענ אײַנלאַדנ עס־מערנ אפ איר כאסענע, וואָס וועט פאָרקומענ נײַ־יאָר. ביידע מיידלעכ האָבנ לאנג געשמועסט אונ זיכ געסוידעט, דערנאָכ האָט זיכ מאשע גענומענ זעגענענ.

— גייסט אוועק? ווארט, — האָט געזאָגט עסטער, — איכ וויל דיכ עפּעס פרעגנ. ער האָט דיכ געזוכט?..

— ווער?

— אָסטריקאָוו, דײַנ כאָסנ.

— געזוכט.

— אונ ווי איז, מאשע, אז דײַנ כאָסנ וואָלט געזוכט אנ אנדערע?

— אנ אנדערע?

— יאָ. אנ אנדערע... אונ דיכ געפונענ.

— זאָגסט, ער האָט געזוכט אנ אנדערע?

— איכ פרעג נאָר, ווי וואָלסטו אפ דעמ געקוקט? פארשטייסט, נו... קענ זײַנ, א מענטש טראכט וועגנ א מענטשנ גוט, אָבער ניט מיכ האָט ער געזוכט, אנ ענלעכע, אנ אנדערע...

— איכ פארשטיי, — האָט געזאָגט מאשע, — איכ פארשטיי.— זי האָט זיכ א ווײַלע פארטראכט אונ דערנאָכ געזאָגט געלאסנ. — מיר זײַנענ נאָכ ביידע קליינינקע. לײַט זאָגנ, געניטע מענטשנ זאָגנ: וועמענ מע געפינט, יענעמ האָט מענ געזוכט.

— אזוי מיינסטו? — האָט געפרעגט עסטער. זי איז געווענ אי־בעראשט פונ אזא ענטפער. וועמענ מע געפינט...

* * *

צו זלאטען איז געקומען ליפשיץ.

שוין עטלעכע נעכט, ווי ליפשיץ שלאָפט שלעכט. אים כאָלעמט זיך, אַז ווידער לויפט ער אַלע טאָג צום צוג עטעצן זוכן, באַגע־גענען.

יאַנקל ליפשיץ האָט זיך דערמלט געפילט, ווי אַ מענטש, וואָס טרינקט זיך, ראַטעוועט זיך און פאַלט צו אַ־האַלב טויטער, אַ האַלב לעבעדיקער צו זײַנע זאַכן אַפן ברעג. דעם מענטשן דוכט דערמלט, אַז עפּעס איז פון אים געבליבן אין וואַסער, אַז אַ טייל פון זײַן לעבן איז אַוועק צום גרונט, און דער איינציקער סימען, אַז פון אים איז אויך עפּעס געבליבן אַפ דער ערד — זײַנען די זאַכן. די זאַכן אַפן ברעג זײַנען אין דער מינוט טײַערער פון אַלץ, ווײַל אין זיי דער־פילט ער זײַן געראַטעוועט לעבן.

ליפשיץ איז געקומען צו זלאטען און זיך שטיל אַוועקגעזעצט. ווי עס טרעפט אָפט, ווען מענטשן ווילן עפּעס זאָגן אַפ דערווײַל, אַפ אָפּשפּאָרן אַ ביסל צײַט, אַפ איבערכאַפּן דעם אָטעם, האָט ליפשיץ אָנגעהויבן פון וועטער. דערנאָך אַ זאָג געטאָן:

— אַ ווײַל אייניקל באַ אײַך, זלאַטע.

פאַר זלאַטען איז דאָס געווען אומגעריכט. זי האָט געזאָגט פון פולן האַרצן:

— אַפ פרעמדע קינדער איז מען קיין מיוון ניט, פרעמדע קינ־דער זײַנען אַלע גוטע, פונדערווײַטן גלאַנצט. אַ גרויסהאַלטערקע!

— איך ווייס ניט, צי ס'איז אַ כיסאָרן. פאַרקערט, מיין איך.

זלאַטע האָט ניט געקאָנט פאַרשטיין, וואָס מיט ליפשיצן איז פאָרגעקומען. זי הערט:

— אַ מיידל מיט אַ כאַראַקטער, מיט זעלבשטענדיקײַט, אַ קליי־ניקײַט זאָגן, — איז דאָס דאָך, אייגנטלעך, אַ מײַלע. זלאַטע, ווען ניט די מילכאָמע, וואָלט אײַער עסטער כאַסענע געהאַט, מײַן דאָוויד וואָלט כאַסענע געהאַט... זיי האָבן שוין געהאַט זייערע באַשערטע. און איצט? מיינט איר, ס'איז לײַכט זיך אויסטאָן פון אַ ליבע, פון אַ געוווינהײַט, פון אַ וואָרט, און אָנהייבן אַלץ פונדאָסנײַ. גרינג מיינט איר, זלאַטע?

— שווער!

— און מיט אונדז וואָלט דען אנדערש געווען? איר הערט, זלאטע, אין אן אנדער צייט וואָלט איך א קינד גאָרניט געזאָגט, ווען עס וויל בלייבן ניט מער ווי אן אָנדענק פון זיין אייגענער פארלוי־רענער ליבע. איך אליין וואָלט אזוי געטאָן!

— אזוי?

— היינט קענען עס די טויטע ניט פארלאנגען. אויב זיי ווילן, אז אלץ זאָל זיין פאר די לעבעדיקע. אמאָל איז א כאסענע געווען א סימכע אין דער מישפּאָכע, היינט איז א כאסענע — א סימכע פאר א גאנצער שטאָט. אזויפיל האָט אָפּגענומען דער טויט, אז אלץ דארף איצט גיין פארן לעבן. נאָר וואָס עמעס איז עמעס, דוכט זיך, אז עסטער איז שוין צופיל... זי לאָזט זיך אפילע ניט ריידן.

ליפשיץ האָט זיך אופגעשטעלט.

— זיצט, ליפשיץ, זיצט. און איך געפעלט עסטער?

— איכל איך זאָגן, ווי איר זאָגט: אפ פרעמדע קינדער איז מען קיין מייווין ניט. פונדערווייטן גלאנצט.

ער איז שנעל ארויס.

אן אנדערש מאָל וואָלט זלאטע שטארק פאריבל גענומען, אָבער היינט ניט. זי האָט געפילט, אז סיי זי און סיי ליפשיץ טוען א זאך נאָר אפ אָפּנארן זיך. פון ווען אָן פרעגט בא איר עסטער, ווען זי פארלאנגט? פון ווען אָן האָט פרומקין גענומען פרעגן בא ליפּ־שיצן, ווען ער זאָל ליב האָבן? עמעס, ניט זי, ניט ליפשיץ קאָ־נען ניט שווייגן, זיי זיינען דאָך אויך מענטשן און ווילן לעבן. און ריידן דוכט, אז אין זייער לעבן האָבן זיי נאָך ניט אָפּגעטאָן גראָד דאָס וויכטיקסטע: בא איר גייט ארום א מיידל, וואָס דארף שוין כאסענע האָבן און האָט ניט כאסענע, בא אים גייט ארום א באָ־כער... וויפל איז דער שיר?

אוואדע קאָן זי, זלאטע, ניט רוען, און ער, ליפשיץ, קאָן אויך ניט רוען. זלאטע פארשטייט עס.

אָבער זלאטע פארשטייט אויך, אז סאָפקאָלסאָפ וועט מען ניט פרעגן ניט בא איר און ניט בא אים.

עסטער קומט ארײַן, און די באָבע זאָגט צו איר מיט א טייַנע:

— קיינמאָל ביסטו אין דער היים ניטאָ, ניטאָ מיט וועמען א וואָרט אויסצורייַדן.

— היינט וויל איך ריידן מיט דיר, באָבע.

— טשיקאווע צו הערן, — איז זלאטע געוואָרן נייגעריק.

— דערציייל מיר, באָבע, וויאזוי האָסטו כאסענע געהאט, ווער איז געווען דיין כאָסן?

— מיין כאָסן איז געווען דיין זיידע.

— דיין מאן איז געווען מיין זיידע, אָבער דיין כאָסן.

— א באָכער.

— האָסט אים ליב געהאט?

— יאָ.

— און ער?

— אויך.

— ער האָט דיך געזוכט, דיר נאָכגעגאנגען, אפ דיר געפרעגט?

— יאָ.

— און דיך געפונען.

— געפונען.

— און ווי איז... ער וואָלט אן אנדערע געזוכט, נאָר דיך דערזען און דו ביסט אים געפעלן. ער האָט דיך געפונען. ער איז צו דיר געקומען.

— ווער עס קומט, יענער איז דער באשערטער!

— אזוי מיינסטו, באָבע? מע זאָל דארפן לעבן מיט גלייבּ־ווערטלעך, וואָלט געווען גרינג צו לעבן און גרינג צו שטארבן. ניין, באָבע, אזוי האָט מען עפּשער אמאָל געלעבט. היינט — ניט.

עסטער האָט געוואָלט זיין אליין. עפּעס האָט זי געוואָלט קלאָר מאכן אין זיך און מיט זיך. איז געקומען מינע.

— איך בין זייער פארנומען! — האָט געזאָגט עסטער.

מינע האָט זיך געמאכט ניט וויסנדיק.

— מייערינקע, — האָט געזאָגט עסטער. אין דער „מייערינ־קער" איז געלעגן גאָל, פארביטערטקייט. — איך פיל זיך שלעכט. וועסט מיר אנטשולדיקן.

— איין וואָרט, — האָט געזאָגט מינע, — די סטאנציע וועט דאָב צו ניי־יאָר געבן שיין.

— שוין באוווסט?

— באוווסט... וואָס איז די סימכע?

— ליכט וועט זיין!

— בא אים, בא פרומקינען!

— בא אים און בא אונדז! מיר וועלן אויך זײַן פּאַרטיק מיטן צעך. אַן ענערגיע קאָנען מיר זיך ניט רירן. ליכט וועט זײַן!

— וואָס איז די סימכע? זײַן געווינס!

— אַלעמענס!

— מעשוגע! אײַך אַרט עס גאָרניט, ער האָט אײַך פאַרדרייט דעם קאָפּ. אָסטריקאָוו איז אַ כאַוער, קאַוועלע אַ שווײַגער, און דו... איך האָב אַ גוטן ניוך אַף ליבעס...

— אַרויס! אַרויס! — האָט אויסגעשריען עסטער. בײַ איר האָבן זיך באַוויזן טרערן אין די אויגן.

מינע האָט עס ניט באַנומען און ניט פאַרשטאַנען. וואָס איז דאָ פאָרגעקומען?

עסטער איז אַרויסגעלאָפן פון צימער, זי איז אַוועק צו ליבען.

— ליבע, טײַערע! — האָט זי אַרומגעכאַפּט ליבען און זיך צעוויינט.

---

דעם לעצטן טאָג פון דעקאַבער איז פרומקין צו מיטיק געקומען אַהיים. ליפשיץ האָט זיך דערשראָקן.

— וואָס איז געשען?

— גאָרניט. שלאָפן אַ פּאָר שאָ. און נאָך בין איך געקומען זאָגן אײַך, יאַנקל ליפשיץ, אַז פון הײַנט אָן בין איך מיט אײַך אַף „דו“.

— דאַווייד! — האָט אויסגעשריען ליפשיץ, — מיט דער סטאַנציע איז גוט? שײַן וועט זײַן? זאָג מיר, באַרויִק מיך. איך פאַרשטיי, אַז גוט. אַף „דו“...

— אַף ברודערשאַפט וועלן מיר אָנצינדן אַלע לאָמפּן אין דער שטאָט. אַף „דו“, אַף „דו“...

פרומקין האָט אויסגערעכנט כאָטש אַ פּאָר שאָ שלאָפן. הײַנט אין אָוונט גיט ער שײַן. ווי נאָר די שכיינים האָבן אָבער דערזען, אַז פרומקין איז גאָר באַטאָג געקומען אַהיים, האָט מען גענומען אײַנציקווײַז אַרײַנקומען. די ערשטע איז געקומען זלאַטע.

— זלאַטע, — האָט זי באַגעגנט פרומקין, — איר האָט אַ גוט אייניקל, זלאַטע.

— נאָך אַ בעסערס.

— נאָר אַ גרויסהאַלטערקע. טראַכט צופיל וועגן זיך. נייז, ניט

דאָס... זי קען אויסבאהאלטן אירע נעראַנקען און פאַרשמעלן אירע געפילן. דוכט זיך, איך זע זי. און זי לאָזט זיך ניט דערקענען. גאָר־ניט ווי אנדערע מיידלעך. איר מעג עס איר זאָגן...

— זאָגט עס איר, זאָגט עס איר, — האָט אונטערגעכאַפּט ליפשיץ.

ליבע איז אַרײַנגעקומען.

— איך באַגריס אײַך, פּרומקין, מיט דערפאָלג!

— ליבע איז מיר א גוטער פרײַנט! — האָט געענטפערט פּרומקין.

— א גוטער פרײַנט, — האָט ליבע באַשטעטיקט.

— און ניט קיין גרויסהאַלטערקע, זי מיינט ניט, אז זי איז בע־סער פאַר אלעמען, — האָט פּרומקין צוגעגעבן.

— בעסער! — האָט ליבע אַרויסגעשריִען.

— בעסער?

— בעסער פון אלעמען!

— איר האָט עס מיר קיינמאָל ניט געזאָגט. — האָט פּרומקין געהאַט א טענע.

— איך בין געווען זיכער, איר פאַרשטייט. איר פילט עס.

— איך האָב געמיינט...

— איר האָט געמיינט, אז ליבע איז נאָר א כאַוועריטע עמעצן.

— ניין, ליבע, ניט דאָס האָב איך געמיינט. איך האָב געוווּסט, אז איר זײַט די בעסטע. די בעסטע...

— אזא יאָר אף מיר! — האָט זיך אַרײַנגעמישט ליפשיץ.

מער האָט מען וועגן דעם ניט גערעדט. צי ווײַל ליפשיץ האָט זיך אַרײַנגעמישט, צי ווײַל נאָך מענטשן זײַנען געקומען. ניין, שלאָפן וועט ער שוין נישט קענען. און ווייל ער וויל איצט ניט אָפּווענדן זײַנע געדאַנקען פון דער סטאַנציע — ניט זיך ניט אײַן. פּרומקין אײַלט אוועק צו דער אַרבעט.

אף דער גאַס פאַלט א געדיכטער שניי.

4

דעם הילצערנעם פּאַרקן אַרום דער סטאַנציע האָט מען שוין אַראָפּגענומען מיט עטלעכע טעג צוריק. די גאַנצע שטאָט איז געקו־מען זען, ווי זעט אויס די געבײַדע אָנעם פּאַרקן, און זי האָט

אַלטמען אויסגעזען ווונדערלעכ שיין. דאָס אויג איז דערוויַיל צוגע־
ווינט צו כּאָרעווע הײַזער, צו נײַ־געלייגטע פונדאַמענטן, צו מויערן,
וואָס בויען זיך, נאָר וואָס שטייען ארומגעצאמט מיט רישטעוואַ־
ניעס. איצט האָט דאָס אויג דערזען א נײַ הויז, וואָס אָטעמט מיט
אַרײַנגעלייגטער מי, מיט פרישקײַט פון ליים און וואַפנע, מיט
גאַנצקײַט.

באַזונדערס הײַנט, ערעוו נײַ־יאָר, פירן אַלע וועגן אַהער. די
סטאַנציע פּוצט זיך מיט רויטע פאָנען און פאָרטרעטן פון די פי־
רער. אין שטאָט איז טומלדיק און רוישיק, אַלע גרייטן זיך באַגע־
גענען דעם ליכטיקן נײַ־יאָר. אין די געשעפטן איז געפּאַקט. אַף די
מערק האָט מען פון די אַרומיקע דערפער געבראַכט פון אַלעם גוטן.
אין א סאַך הײַזער האָט מען שוין צוגעגרייט עלעקטרישע לעמפּלעך.

בא ליפשיצן אין שטוב איז אויך אַלץ גרייט אַף אופנעמען שיין.
חי נאָר עס איז געוואָרן טונקל, האָט מען זיך פון דער שאָלעם־אַלײ־
כעם־גאַס גענומען קלײַבן צו ליפשיצן.

די ערשטע זײַנען געקומען זלאַטע און יאָסע, דערנאָך איז אַרײַן
ליבע. יאָסע האָט געבראַכט א יעדיע, אַז פון מאָסקווע איז אָנגע־
קומען א טעלעגראַמע מיט אַן אָנפראַגע, צי פרומקין האַלט וואָרט,
צי מע וועט די סטאַנציע לאָזן? יאָסע איז געווען אומצופרידן, ער
האָט געהאַט זײַן טײַנע צו פרומקינען. יאָסע איז געווען זיכער, אַז
ער וועט וויסן דער ערשטער, ווען די סטאַנציע וועט געבן שײַן,
אויסגעלאָזט האָט זיך...

— איך דאַרף זיך נאָר דערוויסן פון זײַטיקע. איך ווייס ניט, און
זיי ווייסן. — דערבײַ איז שווער געווען צו וויסן, וואָס פאַרדריסט
אים מער, צי וואָס ער ווייסט נ י ט, צי וואָס יענע ו ו י ס ן יאָ. —
ווען איך טרעף אים דאָ, וואָלט איך אים געגעבן א פּסאַק, ווי יאָ־
סע קאָן.

ליבע האָט גענומען פאַרטיידיקן פרומקינען, כאָטש ער האָט זיך
אין דעם ניט גענייטיקט.

— הײַנט דאַרף מען אים מויכל זײַן, זיידע, — האָט זי גע־
זאָגט, — חײַנט איז זײַן יאָמטעוו.

און טאַקע דערפאַר, ווײַל דאָס איז געווען אינגאַנצן איבעריק,
האָט יאָסע געזאָגט:

— א נײַער מײליצ־יװישער. אָנ דיר, מײדעלע, װײסט מענ גאָרנימט?

נאָכדעמ איז געקומענ עסטער, אונ ליפשיצ האָט דערצײלט שױנ צומ װײַפלטנ מאָל:

— מיר זײַנענ מיט אימ אפ „דו". אגעװ, זלאטע, ער האָט דאָכ געבעטנ איבערגעבנ...

— װעמענ? — האָט געפרעגט זלאטע.

— עסטערנ.

ליבע האָט זיכ גלײַכ אָנגעכאַפּט אונ געבעטנ:

— זאָגט, זאָגט.

נאָר עסטער האָט זיכ ראשיק אויסגעקערט צו דער באָבענ:

— זאָג ניט. כ'װעל דארפנ, װעל איכ אלײנ פרעגנ.

אינ צימער איז געװענ טונקל. דורכנ פענצטער האָט מענ געזענ דעמ װײַסנ אָנגעלאָפּ פונ פאלנדיקע שנײעלעכ.

צו ליפשיצנ אינ צימער האָבנ זיכ געקליבנ שכײנימ. עס איז ארײַנ א מאמע מיט צװײ קינדער.

— מע זאָל דערלעבנ איבעראיאָר. בא אײַכ, זאָגט מענ, איז אלצ שױנ גרײט. װילנ מיר זענ, װי עס לײַכט װידער.

נאָכדעמ זײַנענ געקומענ צװײ שװעסטער:

— מע זאָגט, בא אײַכ װעט זײַנ ליכטיק הײַנט.

דערנאָכ איז א גאנצע מישפּאָכע ארײַנ, גלײַכ נאָכ זײ איז גע־קומענ אנ עלטערער ייִד אונ, בא דער טיר שטײענדיק, געמאָלדנ:

— איכ װײס ניט, פּאָשעט איכ װײס ניט, װאָס פאר א בראָכע מאכט מענ אפ עלעקטרע.

אינ צימער איז געװאָרנ אלצ טיגקעלער. ס'איז צוגעפאלנ די פינצטערניש אונ צוזאמענ מיט איר די שטילקײַט. קײנער האָט זיכ ניט גערירט, ניט באװעגט, אלע האָבנ אָנגעשטרענגט געקוקט צומ לעמפל. יעדער איז געװענ זיכער, אז אָט, אָט... נאָכ א װײַלע, נאָכ א רעגע...

דאָ אינ צימער, האָט גערוכט, אז אפ דער גאס איז דער שנײ געװאָרנ שװערער, מע הערט אפילע, װי ער פאלט אפ דער ערד.

אװעק איז א האלבע שאָ. א שאָ. אלע זײַנענ געװאָרנ אומרויִק.

צי איז דארט קײנ שלעכטס ניט געשענ?

— עפּשער טויג ניט דאָס לעמפל? הא!

ליפשיץ האָט זיך אַלייז געוואָלט באַרויקן, ער האָט געזאָגט מיט גרויס געניטקייט:

— באַלד וועט זיין ליכט, באַלד!

קיין ליכט איז אָבער ניט געווען. מע האָט זיך שוין געשעמט קוקן אויף לעמפּל, מע האָט די אויגן אַראָפּגעלאָזט.

מע זאָל אין דער פינצטער זיך צוקוקן צו ליפשיצעס פּאָנעם, וואָלט מען געזען, ווי עס איז איבערגעקרימט. מע וואָלט אין דער שטילקייט געקענט הערן, ווי זיין האַרץ נעמט אָט קלאַפּן, ווי אַ פּויק, און אָט פאַלט עס איינגאַנצן אַוועק. אַזוינס וועט ער שוין ניט איבער־טראָגן...

פּלוצלינג האָט ליפשיץ אַ זאָג געטאָן מיט געבעט צום לאָמפּ.

— דאָוויד! באַוויַיז זיך, גיב שיין, דאָוויד! זאָל זיך אַ שטאָט דערפרייען. פאַראַיאָרן איז דאָ געווען וויסט און פּוסט, און היינ־טיקס יאָר איז אַ לעבן. דאָוויד!

ווען אין צימער איז געוואָרן ליכטיק, האָבן זיך אַלע מוירע גע־האַט רירן, עס זאָל, כאַלילע, ווידער פינצטער ניט ווערן. אַלע זיינען שטיל געשטאַנען און געציטערט, אַז דאָס לעמפּל זאָל זיך ניט אויס־לעשן. נאָר דאָס לעמפּל האָט געברענט. אין דער שטילקייט האָט עסטער אויסגעשריִען:

— עס ברענט! ליכט! גוט!

אַלע האָבן זיך אַ וואָרף געטאָן צום פענצטער אָנקוקן, ווי ליכ־טיק עס איז געוואָרן אויף דער גאַס. דער געדיכטער שניי האָט אָבער געשטערט זען, וואָס אויף דער גאַס טוט זיך, און אַלע זיינען אַרויס־געלאָפן אין דרויסן.

עסטערן האָט אָפּגעוואַרט טעוויע זלאַטקין. זיי זיינען אַוועק צוזאַמען.

עסטער מיט זלאַטקינען זיינען, ווי קליינע קינדער, געלאָפן אי־בער דער גאַס און געקוקט, ווי דורכן געדיכטן שניי לייכטן אַרויס די לאַמטערנס. די גאַסן זיינען געווען פול מיט מענטשן, און אַלע האָבן געאיילט צו דער סטאַנציע.

— דו האָסט ליב, — האָט עסטער פּלוצלינג געפרעגט בא זלאַט־קינען, — ווען עס איז ליכטיק, פון אַלע זייטן שיין, קיין שאָטן קאָן ניט פאַלן?

— כ׳האָב ליב! — האָט געענטפערט זלאַטקין. ער האָט היינט

ליב אלץ, וואָס עסטערנ געפֿעלט, וואָס זי האָט ליב. ער וואָלט נאָר וועלן וויסן, צי האָט זי אים ליב? ער עסטערנ האָט ליב, שטאַרק ליב. עפּשער זאָל ער עס איר זאָגן? ער נעמט זי אונטער דער האַנט, און ביידע אײַלן אונטערן שנײ, ביידע זײַנען צופֿרידן, און זלאַטקין פֿילט: יאָ, ער וועט איר זאָגן, ער מוז זאָגן. זי פֿילט דעם ניט, ווי ער האָט זי ליב?

בײַ דער עלעקטראָ-סטאַנציע איז די גאַס געפּאַקט מיט מענטשן. אַלע ווילן זען, ווי דאָס הויז איז אויסגעפּוצט מיט גרינס, מיט רויטע לײַוונטן, מיט עלעקטרישע פֿײַערן. אַלע זעען, ווי איבערן הויז לײַכט אַרום אין גירלאַנדעס שײַן סטאַלינס פּאָרטרעט.

און אַלע ווינטשן איינער דעם אַנדערן:

— אַ גוט יאָר!

— אַ ליכטיק יאָר!

און דער שנײ פֿאַלט און דרייט זיך אינדערלופֿטן, אָט גיט אים אַ ווינקל אַ יאָג, און טראָגט אים צוריק צום הימל. און אָט באַלד נעמען די שנייעלעך נאָך געדיכטער שיטן, שיטן, שיטן...

עסטערנ איז אַזוי גוט, אַז איר דוכט — אַלע ווינטשן עס איר אַ גוט יאָר, אַ ליכטיק יאָר. ווי האָט עס זי געפֿרעגט פֿרומקין:

— איר האָט ליב, ווען עס איז ליכטיק, פֿון אַלע זײַטן שײַן, קיינער שאָטן קאָן ניט פֿאַלן?

זי פֿילט, ווי עמעצנס האַנט וואַרעמט איר האַנט, צערטלט אירע פֿינגער.

דאָס האָט ער, פֿרומקין, אויך צוליב איר אָנגעצונדן שײַן, אַז איר זאָל אויך ליכטיק זײַן. ווי האָט זי אים דעמלט געענטפֿערט?

— איך האָב ליב. — האָט זי געענטפֿערט. יאָ. ס'איז צוליב איר אַ גאַנצע שטאָט מיט שײַן.

די גאַס איז פֿול מיט רויש און געלעכטער, אַזויפֿיל מענטשן, און צווישן אַלע מענטשן באַמערקט עסטער אַ יינגעלע, וואָס לויפֿט אַ פֿריילעכס, מיט אַ צעבונדן שאַרפֿל אויפֿן האַלדז.

— ווי הייסטו, יינגעלע?

— וואָווע.

— אַ פּיאָנער?

— איבעראַיאָר וועל איך זײַן אַ פּיאָנער.

— זאָג דײַנ מאמענ, אז א קינד דארפ מענ היטנ, — אונ זי בינדט אים גוט ארומ דעמ האלדז.

די לאָמפּנ אפ די גאסנ אונ אינ די הײַזער לײַכטנ שוינ, אָט וועלנ זיך אָנהייבנ באוועגנ די רעדער אונ טראנסמיסיעס אינ די זאַוואָדנ אונ פאבריקנ. ס'הייבט זיך אָנ א נײַ לעבנ.

זי האָט פארגעסנ, ווער עס גייט מיט איר, ווער עס האלט איר האנט, ווער עס וויל איר זאָגנ זייער א וויכטיקע זאך. זי אײַלט א גליקלעכע איבער די פארשנייטע גאסנ. זי פילט, אז אויך צוליב איר האָט עס הײַנט אָנגעצונדנ שײַנ ער, ער — פרומקינ.

1946—1947.

## די פּראָפּעסיע פונ א מענטשנ

### 1

דער עלטערער לוריע איז געקומענ אינ אָפּרו־הויז מיט א גאנצער וואָכ שפּעטער ווי דער יינגערער. זיי זיינענ ניט קיינ קרויווים, ניט קיינ באקאנטע, ניט קיינ לאנדסלייט אונ האָבנ זיכ איינער מיטנ אנדערנ ניט אינטערעסירט, אפילע, פארקערט — אויסגעמיטנ איינער דעמ אנדערנ.

דער עלטערער לוריע — א גרויער, א סאָלידער, א רויִקער אונ זיכערער. ווו צוויי, האָט ער ליב זיינ א דריטער. ער זאָגט א וויצ אונ איז שטארק צופרידנ, ווענ מע לאכט. דער עמעס איז אָבער, אז ניט אלעמאָל לאכט מענ. ער איז מיט אלעמענ א גוטער ברודער, האָט פֿיינט קארג זיינ אפּ א וואָרט, וויל, אז מע זאָל אימ וויסנ אונ קענעג. אונ כאָטש ער איז געקומענ מיט א גאנצער וואָכ שפּעטער, האָט מענ אימ אינ אָפּרו־הויז געוווּסט א סאכ מער, ווי דעמ יינגערנ לוריע. ער האָט אינ קיינ שפּילנ ניט אָנטיילגענומענ, נאָר געזאָגט מעווינעס אפּ די שפּילער. ער האָט הויכ, איבערנ גאנצנ זאל, קריטיקירט דעמ קעכער, ער האָט געוווּסט אלע אָרטיקע נייעס.

דער יינגערער לוריע — א מיטליאָריקער, א ווּקסיקער, א שווארצער, א גוטמוטיקער — איז א מענטש, וואָס האָט ליב מעהערנ, ווי ריידנ. צו אימ קענ מענ אָנווענדנ דאָס ווערטל, אז ניט ער רעדט, וואָס ער ווייסט, נאָר ער ווייסט, וואָס ער רעדט.

ווּאזוי ביידע לוריעס האָבנ זיכ אינ איינעמ א טאָג באקענט אינ אָפּרו־הויז, באקענט זיכ צופעליק אונ פונדערוויטנ — וועלנ מיר דערציילנ.

## 2

אפ דער סטעזשקע ליגנ אָנגעוואלגערט רויטלעכע קײַלעכדיקע אָסינע-בלעטער. פונוואנענ פאלנ זיי? קיינער שטויסט זיכ ניט אָנ, אז הינטער צוויי יאָדלעס שטייט באהאלטנ אנ אָסינע. אירע בלעטער פאלנ אונ בלײַבנ הענגענ אפ די יאָדלע-צווײַגנ. דערנאָכ יאָגט זיי דער ווינט אראָפּ אפ דער ערד. ס'איז זומער, ס'איז ערשט אינמיטנ אווגוסט, ארומ אונ ארומ איז דאָס לעבנ אינ סאמע ברויז, אונ דאָ פלוצלינג לייגט זיכ בא די פיס אוועק אנ אומגעריכטע בסורע פונ וועלקנ אונ אומקומ. אונ דאפקע דאָ, אינ אָפּרו-הויז, ווו מענטשנ פילנ זיכ אזוי יונג אונ גוט, ווו מע וויל, אז אויכ באנאכט זאָל שײַנענ די זונ אונ ברוינ מאכנ דאָס לײַב, ווו דאָס ווייכע אונ רויִקע וואסער פונ דער אָזערע קילט אזוי ליבלעכ דעמ צעהיצטנ קערפער — דאפקע דאָ איז א רויטלעכ בלאט אזוי אומגעריכט, אזוי ווילד, אזוי אומגעבעטנ, אז מענטשנ שטעלנ זיכ אָפּ אונ פארטראכטנ זיכ, ווי דעמלט, ווענ מע דערזעט אינ דעמ אייגענעמ קאָפּ די ערשטע גרויע האָר.

קענ זײַנ, דערפאר וואָלט זיכ קיינער דאָ ניט פארוווּנדערט, ווענ ער דערזעט, ווי דער יִינגערער לוריע שארט אוועק די בלעטער אונ רייניקט אָפּ דעמ וועג. לוריע האָט פארענדיקט זײַנ ארבעט אונ געזאָגט:

— פונוואנענ קומענ אהער פאראיאָריקע בלעטער?

קיינער איז דערבײַ ניט געווענ, אונ דערפאר האָט קיינער ניט געענטפערט. דער איינציקער, וואָס האָט עס יאָ באמערקט פונדערווײַטנס, איז געווענ לוריע דער עלטערער, נאָר יענעמ האָט ניט געצויגנ צו דעמ דאָזיקנ מענטשנ. ער קענ וועגנ אימ קיינ שלעכטס ניט זאָגנ, נאָר אמאָל איז א מענטש ניט צומ הארצנ פּאָשעט דערפאר, ווײַל ס'איז ניטאָ פארוואָס זיכ צו אימ צוצוטשעפּענ.

דער יִינגערער לוריע האָט זיכ אראָפּגעלאָזט מיט דער סטעזשקע, וואָס האָט געפירט בארג-אראָפּ. פונ רעכטס איז געווענ פעלד, פונ לינקס — וואלד. די סטעזשקע האָט געפירט צו א שיידוועג, אונ פונ דאָרט האָט מענ שוינ געקענט זענ די גרויסע אָזערע. דער האנטעכ, וועלכנ דער יִינגערער לוריע האָט געטראָגנ אינ האנט, האָט געגעבנ צו פארשטיינ, אז ער גייט זיכ באָדנ.

די אָזערע, וועלכע האָט זיך אומגעריכט אנטפּלעקט, איז געלעגן א רויִקע און א העל בלויע. איבער דער אויבערפלאך האָבן זיך באַוועגט קליינע שפּרענקלעך, וועלכע זיינען געווען אָנגעגאָסן מיט זון, ווי מיט שימערנ גאָלד. וואָס מער מע האָט געקוקט אפן וואסער, אלץ מער האָט געדוכט, אז פונעם זוניקן הימל פאלט אין דער אָזערע אריין א גאָלדענער רעגן.

בא דער אָזערע איז געווען שטיל. אין וואלד, אין פעלד האָט זיך גאָרניט באוועגט. די לופט איז געווען פול מיט ווארעמקייט און אזוי אומבאוועגלעך, פונקט ווי זי וואָלט, א צעגלימטע פון דער זון, פויל געווען זיך צו רירן. פארביקע שמעטערלינגען זיינען אומגעפלויגן הין־און־צוריק, ווי גלאט אין דער וועלט אריין, אבי זיך אויספּיינען מיט זייער שיינקייט. ווילדע בינען, ערנסטע און פארנומענע, האָבן זיך געיִלט פון בלום צו בלום און אויסגעזוכט דעם זיסטן טראָפּן אין דער וועלט.

—אַ־אָ! אַ־אָ־ו־ו! — האָט דער יִנגערער לוריע אויסגעשריִען צום ארום. דעם גרויסשטאָטישן מענטשן, וואָס איז געקומען אהער זוכן שטילקייט און רו, האָט שוין אויסגעוויזן פאר איבעריק, פאר העכער דער מאָס די אומבאוועגלעכע רו, וואָס האָט צייטנווייז מאַמעש ווי געלויערט פון אלע זייטן. און דעריבער האָט ער געזוכט, גערופן, געבעטן עמעצן קומען, אז אים זאָל זיין געמיטלעכער. קיינער האָט זיך ניט אָפּגערופן, און דער יִנגערער לוריע איז אריין אין וואסער.

שוין שטייענדיק אין וואסער, האָט ער דערזען, ווי צום ברעג דערנענטערט זיך דער עלטערער לוריע אויך מיט א האנטעך אין דער האנט. ביידע דערזעען איינער דעם אנדערן, נאָר ביידע מאכן זיך ניט זעענדיק. דער יִנגערער שווימט אוועק וויַיט, לייגט גרויסע קלאַפּטער. דער עלטערער שטייט ביז די קני אין וואסער און זייפט זיך. ער איז אומצופרידן, וואָס דער יִנגערער איז אזוי זעלבשטענדיק. יענער קען אוועקשווימען העט וויַיט. ביים ער מוז זיך פּליושקען דאָ באַם ברעג. און ער באשליסט ווידעראמאָל בא זיך, אז אָט דער לוריע איז ניט קיין אָנגענעמער מענטש.

נאָכן אויסבאָדן זיך האָט דער יִנגערער לוריע זיך געלאָזט מיטן זעלבן וועג צוריק. איצט איז שוין דער וואלד געווען פון רעכטס און דאָס פעלד פון לינקס. באַם ראנד וואלד וואקסן יאַדלעס, נאָר וואָס

טיפער אין וואלד, וואָס העכער באַרג־אַרוּף, באַוויזט זיך אַלץ מער סאָסנע. דער סאָסנע־רייעך, וואָס האָט זיך געטראָגן פון וואַלד, איז געווען אַזאַ געדיכטער, טרוקענער און זיניקער, אַז מע האָט אים גע־קענט מאַמעש אָנטאַפּן מיט די פינגער. דער יונגערער לוריע איז געווען גוט אויפגעלייגט און האָט שטיל פאַר זיך געצויגן אַ פרייליכן ניגון. ער האָט ניט געזונגען, ווייל דער טאָג האָט אים אויך פויל גע־מאַכט, ער האָט נאָר אין זיך געמורמלט אַ ניגון, אַ זייטיקן וואָלט געווען שווער צו באַשטימען, וואָס, אייגנטלעך, דער מענטש זינגט.

אַ טריט פּופציק הינטער אים איז געגאַנגען לוריע דער עלטע־רער און האָט אויך געזונגען, נאָר הויך, אַז אַלע זאָלן הערן.

צוקומענדיק צו די צוויי יאָדלעס, ווו פריער זיינען געלעגן רויט־לעכע אַסינע־בלעטער, האָט דער יונגערער לוריע אויפגעהערט מורמלען דעם ניגון, האָט זיך פאַרוווּנדערט, אָפּגעשטעלט און גאַנץ חויך זיך אויסגעזידלט. אַף דער סטעזשקע זיינען ווידער געלעגן קוילעכדיקע אָסינע־בלעטער.

— פונוואַנען? זינט ווען וואַקסן עס בלעטער אַף אַ יאָדלע? — האָט ער געזאָגט פאַרוווּנדערט, ווען ער האָט דערזען הענגען אָסינע־בלעטער אַף די יאָדלע־צווייגן.

— הינטער די יאָדלעס שטייט אַן אָסינע, — האָבן זיך אָפּגע־רופן צוויי מיידלשע שטימען מיטאַמאָל.

— און ווי קומען אַהער מיידלעך? — האָט ער שוין מיט שפּאַט געזאָגט, — מע זעט קיינעם ניט.

הינטער די צוויי יאָדלעס זיינען געשטאַנען צוויי מיידלעך, וועל־כע האָבן ניט לאַנג אַנטדעקט די באַהאַלטענע אָסינע. זיי זיינען אַיצט אַרויס אַף דער סטעזשקע פרייליכע, אפילו לאַכנדיקע און אומגער־ריכט געזאָגט:

— אַנטשולדיקט, באַוועער לוריע. מיר זיינען נייגעריק. זאָל עס אייך ניט אויסקומען ווילד. מיר זיינען נייגעריק צו וויסן אייער פראַ־פעסיע, מיר אַליין קענען ניט באַשטימען.

— איר קענט ניט באַשטימען? ס'איז דען אומבאַדינגט נויי־טיק? — האָט ער איבערגעפרעגט, און אַלע דריי האָבן זיך געלאָזט צו דעם עס־צימער עסן מיטיק.

דער עלטערער לוריע האָט זיך אויך באַוויזן. ער וואָלט געהאַט כיישעק צוגיין צו די מיידלעך. ער האָט פיינט זיין אַליין, אים איז

אומעטיק, ווענ קיינער לייגט אפ אימ קיינ אכט ניט. ווי אנ עלטערער מענטש, וואָס זעט נאָכ אויס ניט שלעכט אונ מיינט, אז ער זעט אויס יינגער פונ זײַנע יאָרנ, האָט דער עלטערער לוריע ליב זיכ א ווערטל טאָנ מיט א יונג מיידל. זײַנענ אָבער די מיידלעכ, ווײַזט אויס, ניט געווענ אופגעלייגט צו פארפירנ מיט אימ א געשפרעכ. איז ער געבליבנ פונ הינטנ, אז ער זאָל ניט אויסזענ ווי קיינ אײַנגעבעטענער. אָט איצט איז אימ געקומענ אפנ געדאנק, אז פונ זײַנ זײַט איז נאריש, וואָס ער איז ניט באקאנט מיט א מענטשנ, וועלכער טראָגט זײַנ פאמיליע. דאָס, אייגנטלעכ, שטערט אימ צוגיינ צו די מיידלעכ. הײַנט וועט ער זיכ מיט אימ אומבאדינגט באקענענ, הײַנט.

3

ביידע מיידלעכ זײַנענ כאווערטעס, סטודענטקעס. ביידע האָבנ לירישע ווייכע שטימענ. ביידע רופט מענ וואליא. איינע רופט מענ וואליא „ר" (רומיאנצעווא) אונ די צווייטע וואליא „שא" (שערעמעטיעווא). אינ אָוונט, ווענ מע צינדט אָנ א שײַטער אפנ גרויסנ הויפ, נעמענ זיכ ביידע כאווערטעס ארומ אונ זינגענ הארציקע לידער. ביידע כאווערטעס וויגנ זיכ צומ טאקט הינ־אונ־צוריק, אונ זייערע ליכטנדיקע אויגנ קוקנ צומ יינגערנ לוריע, וואָס זיצט צווישנ א סאכ אנדערע מיט אנ ארא־פגעלאָזטנ קאָפ. כאָטש זיי ווייסנ ניט, וואָס מיט דעמ יינגערנ לוריע קומט פאָר, פילנ זיי, אז ער איז איצט ווײַט. זיי קענענ אָבער ניט וויסנ, אז ווענ זיי זינגענ, דערזעט זיכ לוריע אינ א ווינטער־פארנאכט אפ א פארשנייט פעלד. ער איז איינער אליינ אונ קענ בא קיינעמ ניט פרעגנ, ווו ער איז. פונ ארומיקנ וואלד קריכט ארויס אונ פאלט אפנ בלוילעכנ שניי דער אָוונט, פול מיט גרויקײַט אונ בענקעניש. דער הימל ווערט העכער אונ פראָסטיקער. די לעוואָנע שווימט ארויס ווי א באס־מאלקע אינ א מײַסע. א פארצויבערטע, קישעפט זי מיטנ שטילנ, נאָר שטארקנ פראָסט. לוריענ נעמט דעמלט אפילע דוכטנ, אז פונעמ וואלד גייט ארויס א וואָלפ אונ קוקט אפ דער לעוואָנע, א הונגעריקער וואָלפ, וואָס שטשירעט די ציינ. אָט וועט דער וואָלפ אימ דערזענ... אינ יענער רעגע דערהערט ער גאָר א געזאנג. צוויי מיידלעכ גייענ ארומגענומענ אונ זינגענ הארציק אינעמ ווינטערדיקנ דרויסנ. זיי האָבנ מוירע, זיי

שרעקן זיך — זינגענ זיי. ער גייט זיי אנטקעגנ. צוויי יונגע, בלאָנדע רוסישע מיידלעך, זיי דערזעענ אים, און די ליד בלייבט זיי שטעקנ זיי א ביינ אינ האלדז.

— א רויטארמייער?

— א רויטארמייער. איך זוך אונדזערע און געפינ ניט.

— דאָ זיינענ דייטשנ.

— און אונדזערע זיינענ ווייט? עפשער ווייסט איר דעם וועג? איר זייט קאָמסאָמאָלקעס?

— קאָמסאָמאָלקעס, — ענטפערנ ביידע מיידלעך שטיל און קוקנ ביידע צום וואלד, ווי דאָס וואָלט עמעצער קענענ דערהערנ. — קומט מיט אונדז. איר זייט הונגעריק?

אָנ געזאָגנ פירנ אים די צוויי בלאָנדע רוסישע מיידלעך איבערנ טיפנ און פרוקענעם שניי. די נאכט ווערט פראָסטיקער. די פארקי־שעפטע באָס־מאלקע שיינט אינ שטרענגנ, געשטערנטנ הימל. דאָס דאָרף, וואָס באוויזט זיך, רייכערט מיט טרויעריקע קוימענס. די מיידלעך פירנ אים אריינ אינ א שטאל און דעקנ אים איינ מיט היי. נאָכדעם ברענגענ זיי אים עסנ. נאָכדעם ברענגענ זיי אים א מאנטל. זיי זאָגנ אים אָנ:

— אינ שטוב צו אונדז זאָלט איר ניט אריינגיינ. מאָרגנ וועלנ מיר קומענ.

אפ מאָרגנ קומענ די מיידלעך און ברענגענ ווידער עסנ. ווי נאָר עס וועט זיינ מעגלעך, וועלנ זיי אים ארויספירנ און ווייזנ דעם נויי־טיקנ וועג. דערווייל זאָל ער ווארטנ. אינ שטוב זאָל ער ניט אריינ־קומענ.

— דייטשנ? — פרעגט לוריע.

— ניינ. ניט קיינ דייטשנ... נאָר אריינגיינ דארפ מענ ניט.

ער ווארט א טאָג און צוויי. פארוואָס זאָל ער ניט אריינקומענ אינ שטוב? פארוואָס זאָגנ זיי עס אים אזויפיל מאָל אָנ? צי שטעקט עפעס דאָ ניט אזוינס? ווי לאנג וועט מענ אים דאָ האלטנ? אפנ דריטנ טאָג איז ער אריינ אינ שטוב. ביידע מיידלעך בלייבנ שטיינ איבעראשטע, צעטומלטע. די מוטער זייערע באטראכט אים, בעט אים זיצנ, נאָר פלוצלינג גיט זי זיך א כאפ און פרעגט:

— ווי קומט דער מאנטל? מיינ זונס מאנטל! א גאנעוו! — און זי וויל מאכנ א טומל.

ביידע מיידלעך נעמען זי אַרום.

— מאַמעלע, דאָס האָבן מיר געגעבן. אַ רוימאַרמייער... ער זאָל זיך איבערטאָן.

— און פרעגן? אַליינס באַלעבאַטעווען! איר וועט באַקומען אַ פּסאָק! — און צו לוריען, — צו אײַך האָב איך גאָרניט, טראָגט געזונטערהייט.

יענע נאַכט איז ער געשלאָפן ניט אין שטאַל, נאָר אין שטוב אפן אויוון. אפ מאָרגן האָבן אים די מיידלעך אַרויסגעפירט פונעם דאָרף און געוויזן דעם נייטיקן וועג. באַם געזעגנענען האָבן זיי געזאָגט:

— ניט געדאַרפט אַרײַנקומען. די מאַמע האַלט וואָרט. מירן כאַפּן אַ פּסאַק. מיר ווינטשן אײַך אַ גליקלעכן וועג.

אין אָוונט, באַם שײַטער, ווען די צוויי טונקלהאָריקע וואַליעס זינגען, האָט ער אַ גרויסן פאַרלאַנג זיי פרעגן:

— מיידלעך, צי זײַט איר מיט אַ יאָר דרײַ—פיר צוריק ניט געווען קיין בלאָנדע? אײַער געזאַנג האָט מיך געראַטעוועט. צוליב מיר האָט איר געכאַפּט אַ פּסאַק. ניט איר זײַט עס?

איצט גייען זיי צוזאַמען עטן מיטיק, און ביידע כאַווערטעס טײַנען:

— איר פאַרשטייט... דעם ערשטן טאָג, ווען איר זײַט געקומען אַהער און באַם טיש האָט מען געוועדט וועגן דערציִען קינדער, האָט איר גערעדט ווי אַ געניטער פּעדאַגאָג, זײַנען מיר געווען זיי־כער, אַז איר זײַט אַ לערער. אפ מאָרגן, ווען די עלעקטרע האָט זיך אויסגעלאָשן און איר האָט דערקלערט די סיבע, זײַנען מיר געווען זיכער — איר זײַט אַן אינזשעניער. נעכטן האָט איר גע־רעדט וועגן גאָרקין און טשעכאָוו ווי אַ ליטעראַטור־קענער. זאָגט אונדז אײַער פּראָפעסיע. מיר זײַנען נײַגעריק, מיר זײַנען געגאַנגען אין געוועט.

לוריע האָט אַ שמייכל געטאָן. אַלע דרײַ זײַנען אַרײַן אין עס־צימער, און שוין זיצנדיק באַם טיש, האָט ער זיך ניט געקענט אײַנהאַלטן פון פרעגן:

— מיידלעך, זאָגט דעם עמעס, איר זײַט קיינמאָל ניט געווען קיין בלאָנדע?

— בלאָנדע?

— יאָ, קאָמסאָמאָלקעס?

— קאָמסאָמאָלקעס זײַנענ מיר.

— אויסבאהאלטנ א רויטארמייער?

— עטלעכע מאָל.

— לידער האָט איר געזונגענ?

— לידער זינגענ מיר שטענדיק.

אינ עסצימער איז ארײַנ דער עלטערער לוריע. ער האָט דאָ געטראָפנ אזויפיל באקאנטע, בא יעדנ טיש איז ער אנ אָנגעלייג־טער גאסט, האָט ער פארגעסנ פונ ביידע וואליעס, פונ ייִנגערנ לוריע אונ זיכ דערפילט ווי א פיש אינ וואסער.

## 4

נאָכנ נאָכמיטיקדיקנ שלאָפ איז דער ייִנגערער לוריע מיט די צוויי וואליעס געגאנגענ קלײַבנ מאלענעס. געגאנגענ זײַנענ זיי מיט דער זעלבער סטעזשקע, וואָס פירט צו דער אָזערע. ווידער איז פונ רעכטס געווענ פעלד אונ פונ לינקס וואלד. בא די צוויי יאָדלעס האָבנ זיכ אפנ וועג געוואלגערט איינצלנע קײַלעכדיקע בלעטער. איצט האָט אפ זיי קיינער קיינ אכט ניט געלייגט. די מאלענע-קוס־טעס זײַנענ געווענ לוריעס „סעקרעט". ער האָט זיכ אפ זיי אָנגע־שטויסנ גלײַכ דעמ ערשטנ טאָג, ווענ ער איז אהער געקומענ. די מיידלעכ זײַנענ געווענ נײַגעריק זיכ צו דערוויסנ, ווו דער „סעק־רעט" געפינט זיכ. אז מע איז געקומענ צו די מאלענעס, האָט זיכ ארויסגעוויזנ, אז ביידע וואליעס זײַנענ שטאָטישע אונ אז ווי נאָר זיי האָבנ זיכ צוגערוקט צו די קוסטעס וואלד־מאלענעס, האָבנ זיי פארשטאָכנ די פינגער.

— עכ, מיידלעכ, מיידלעכ... נעמט אָט דאָס שטעקעלע. הייבט מיט דעמ אופ א צווײַגל. אָט איז דער צווײַג פאר אײַכ אָפנ. קלײַבט די מאלענעס אינ לייגט אינ מויל...

די מיידלעכ האָבנ אפילע געהאט אינ זינענ אימ פרעגנ, צי איז ער ניט קיינ גערטנער. נאָר די מאלענעס האָבנ ניט נאָר פארנומענ זייערע הענט, זייערע מײַלער, נאָר אויכ זייערע געדאנקענ. מיט רויטע פינגער אונ מיט גדײַפעלעכ רויטקײַט אפ די צינגער אונ אינ די מויל־ווינקלענ זײַנענ זיי דערנאָכ אוועק צומ דאָרפ מילכ טרינקענ.

אינ דאָרפ האָט לוריענ געצויגנ צו דער צווייטער שטוב פונ ראָג.

שטענדיק, ווען ער איז געווען אין דאָרף, האָט ער געזען פאַרבײַ־
גיין וואָס נעענטער פאַרבײַ דער דאָזיקער שטוב, און אַפילו געהאַט
אַ פאַרלאַנג אַרײַנצוקוקן אין פענצטער. ניט דערפאַר, ווײַל די שטוב
איז אַ נײַע און דער יינגערער לוריע האָט ליב דעם פרישן פּעך
פון אַ נײַ הויז. די גאַנצע גאַס הײַזער איז אַ נײַע. דער דײַטש האָט
דאָ אַלץ כאָרעוו געמאַכט און פאַרברענט. אָפּן אַלטן אַש בויט מען
נײַע הײַזער. און ניט דערפאַר, ווײַל בײַ דער שטוב זיצן שטענ־
דיק קליינע קינדער און לוריע האָט ליב מיט זיי פאַרפירן אַ שמועס.
פון שטוב דערטראָגט זיך אַ קלאַפּן פון אַ שוסטערשן האַמער. ווען
איר זאָלט ניט פאַרבײַגיין, הערט איר, ווי דער אינוואַליד פון דער
פאָטערלענדישער מילכאָמע קלאַפּט מיט זײַן האַמער איבער די
שוועדע דאָרפישע שטיוול און שיך. עס דוכט זיך אויס, אַז אַ קנײַ־
לעבדיקן מעסלעם קלאַפּט ער אָט פונקט אַזוי, ווי די כאָדיקעס בײַ
אים אָפּ דער וואַנט. לוריע, אַז ער דערהערט דעם האַמער, דער־
מאָנט ער זיך אָן זײַן טאַטן דעם שוסטער, דערזעט זייער הײַזקע
אָפּ דער מינסקער נעמיגע, אַ שטיקל לעדער, וואָס ווייקט זיך אין
אַ שיסל, די קאַפּולן, וואָס ליגן אָפּן פענצטער... און עס ציט אים
צו דער צווייטער שטוב פון ראָג, וווּ אַ גאַנצן טאָג קלאַפּט דער באַ־
קאַנטער האַמער. צו דער שטוב קומט ער מילך טרינקען. אין דאָרף
איז, אייגנטלעך, פאַראַן מער קעלבער, ווי קי, קי האָט דער דײַטש
אָדער געקוילעט אָדער אַרויסגעפירט. קעלבער האָט געגעבן די סאָ־
וועטנמאַכט, אַז מענטשן זאָלן ווידער אויסהאָדעווען קי, וואָס זײַנען
אַ גרויסער אָנהאַלט אין זייער ווירטשאַפט. אין איייניקע הײַזער
זיינען שוין דאָ קי אויך, אין דער צווייטער שטוב פון ראָג — אויך.
לוריע מיט די מיידלעך זעצן זיך אויס הינטער דער שאָטנדי־
קער זײַט שטוב, וווּ פון אָפענעם פענצטער הערט זיך אַזוי דײַט־
לעך דאָס קלאַפּן פונעם האַמער. זיי טרינקען מילך און האָבן
האַנאָע פון דער וועלט, זיי איז גוט, און דעריבער שווײַגן זיי און
קוקן אַרײַן אין די קריגלעך. אָט דערהערן זיי, ווי צו דער טיר איז
צוגעקומען אַ מענטש. ער זעט זיי ניט. זיי דערהערן זײַן שטים,
און זיי דערקענען אים: דער עלטערער לוריע. זיי זעען אים ניט,
נאָר זיי שטעלן זיך פאָר זײַן גרויקייט, סאָלידקײַט און רויִקײַט. זיי
הערן, ווי ער בעט מילך. די קינדער באַם גאַנעק ענטפערן, אַז קיין
מילך איז מער ניטאָ.

— עס קען ניט זײַן, קינדער.
— ניט פֿאַראַן.
— איז מיט וואָס פֿאַרנעמענ זיך עס א גאַנצן טאָג אַזױנע קינדערלעך, אַז קיין מילך איז ניטאָ?
די קינדער ענטפֿערן ניט, נאָר קוקן מיט אינטערעס אויף לוריען.
— זאָגט איר ניט, וואָס איר טוט...
— און איר וואָס טוט? — פֿרעגט א יינגל.
— איך רו.
— און אין שטאָט?
— אין שטאָט? — אויף זײַן פּנים באַווײַזט זיך א ביטערע שמייכל, זײַנע אויגן זײַנען פֿול מיט אײַנפֿאַל, אָט וועט ער באַלד איבעראַשן דאָס קלײנוואַרג. — אין שטאָט בין איך א... א שוסטער!
ער איז צופֿרידן פֿון זײַן אײַנפֿאַל און ווייסט פֿאָרויס, אַז די קינדער וועלן ניט גלייבן.
— ניין, פֿעטערל, — וועלן זיי זאָגן. — ניין, ניט קיין שוסטער, א דאָקטער, אַן אינזשעניער אָדער א לערער. ניין, קיין שוסטער ניט! — אַזוי וועלן די קינדער דערווידערן, און ער איז מיט א שמייכל איבערן גאַנצן פּנים גרייט צו פֿרעגן:
— ניין זאָגט איר?
וואָרעם אינדערעמעסן, מיט זײַן אויסזען טײלט ער זיך אַלע־מאָל אויס. עס איז נאָך ניט געווען אַזא פֿאַל, אַז מע זאָל ניט ענט־פֿערן מיט דערעב־ערעצ אויף זײַנער א פֿראַגע, אַז מע זאָל אים ניט אָפּטרעטן אַן אָרט אין טראַמוויי, זײַן אויסזען פֿאַרלויפֿט אים דעם וועג און מאַכט אים א גוטן נאָמען. האָט ער דען א שלעכטן שפּאַס געטאָן מיט די קינדער? נאָר אָט גייט דורך א סעקונדע, א צווייטע, א מינוט איז דורך, און קיינער דערווידערט ניט. א שוסטער — איז א שוסטער. בײַ די קינדער רופֿט עס ניט אַרויס קיין פֿאַרוווּנ־דערונג. וואָרעם אָט דער אינוואַליד, וואָס זײַן קאַלע איז דאָס שענ־סטע מיידל אין דאָרף, איז אויך געוואָרן א שוסטער. אָט דער שוסטער דער אינוואַליד האַלט רעדעס אויף פֿאַרזאַמלונגען, דערציילט שיינע מעסעס די קינדער, האָט אָרדענס און מעדאַלן און איז א מיטגליד פֿון דאָרף־סאָוועט. פֿאַרוואָס דאַרף עס זיי וווּנדערן?
און דער עלטערער לוריע בלײַבט שטיין פֿאַרלוירן. זײַנע אויגן

זײַנען פריִער פול מיט אומרו, דערנאָך ווערן זיי אינגאַנצן אויסגע־לאָשן, די קנײטשן ווערן שאַרפער. צי דען ווילן טאַקע די קינדער ניט דערווידערן? צי דען? ער פאַרשעמט זיך פאַר זיך אַליין און האָט אַפּ זיך אַליין גרויס ראַכמאָנעס. ער קען מער גאָרניט זאָגן, ער גייט אַוועק אַ שטילער, אַ געבויגענער, ווי אַן אָפּגעשמיסן יינגל.

דער יינגערער לוריע, וואָס זעט גאָרניט פון הינטער דער שאָטנ־דיקער זײַט, פילט אָבער בעכויש, מיט אַלע זײַנע געפילן, וואָס עס קומט פאָר באַם גאַנעק. ער קען זיך ניט אײַנהאַלטן און לאַכט זיך פאַנאַנדער מיט אַ שפּריץ פונעם פולן מויל מילך. די מיידלעך קוקן אים אָן און פאַרשטייען אים ניט. פון אָנהייב, דוכט זיי, אַז דאָס לאַכט ער פון זיי, ביידע ווערן רויט.

— וואָס לאַכט איר?

דער עלטערער לוריע איז אַרויס צו דער שאָטנדיקער זײַט. ער ווייסט ניט, פון וואָס עס לאַכט דער יינגערער לוריע, נאָר ער וויל זײַן זיכער, אַז ניט פון אים. זײַן שטענדיקע זיכערקייט איז פאַר־שוווּנדן, אים איז אומעטיק, אַפילע אַ ביסל טרויעריק. איצט, פילט ער, איז די פּאַסיקע מינוט זיך באַקענען. אים איז איצט שווער צו זײַן אַליין. ער איז צוגעגאַנגען נעענטער און געזאָגט:

— לאָמיר זיין באַקאַנט. — ער האָט אויסגעשטרעקט די האַנט. — אַמאָל האָב איך געקענט איינעם אַ לוריע געווען איז אים אַ יאָר דרײַצן...

דער יינגערער לוריע האָט גענומען זײַן האַנט און געזאָגט:

— צו דרײַצן יאָר בין איך געווען אַ שוסטער.

— אַ שוסטער? — האָט דער עלטערער איבערגעפרעגט.

— צו דרײַסיק אַן אינזשעניער. צו דרײַ און דרײַסיק אַ סאָל־דאַט אין דער פאָטערלענדישער מילכאָמע.

— און איצט? — האָט ווידער געפרעגט דער עלטערער לוריע.

— איצט — סעקרעטאַר פון אַ פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע אַפּ אַ זאַוואָד.

ביידע מיידלעך האָבן אַ פּאַטש געטאָן מיט די הענט און אויס־געשריִען ביידע אינאיינעם:

— ריכטיק, ריכטיק! אַזוי פּאַסט, און מיר האָבן זיך ניט געכאַפּט.

.1946—1947

# דער טראַקטאָריסט

## 1

דער ווינט אינ אַלטײַער סטעפּ האָט א גאנצנ טאָג געבושעוועט. ער האָט זיכ שטארק געבייזערט, געטריבנ אונ געיאָגט די פארבײַ־גייער, אז יענע האָבנ ניט אויסגעהאלטנ אונ געמוזט זיכ לאָזנ לויפנ, קעדיי דער ווינט זאָל זיי ניט אוועקטראָגנ. דער שטויב איז אָנגעפלויגנ, ווי א כוואַליע אינ יאַמ, אונ געבראכט פינצטערניש. איינציקע בלעטלעכ פונ דארע קוסטעס אונ צווײַגלעכ פונ זעלטענע בערעזע־ביימער האָבנ זיכ געטראָגנ איינדערלופטנ. אינ דאָרפ איז דער ווינט געקראָכנ נעענטער צו דער ערד, ווי זײַנ שווערער בויכ וואָלט אימ געצויגנ צו דער נידער. ער האָט געקלאפּט אינ די שויבנ, געשראָקנ די אויפעס, פארטריבנ די הינט אינ די קאָנורעס. פארנאכט איז ארויס די זונ. אינ סטעפּ איז געוואָרנ שטיל. אינ דאָרפ האָבנ זיכ באוויזנ קינדער אפ דער גאס, אינ די הויפנ האָט מענ ארויסגעפירט יונגינקע קעלבלעכ, וואָס האָבנ נאריש אונ פאר־וווּנדערט באקוקט דעמ ארומ אונ זײַנענ קינדעריש הילפלאָז געשטא־נענ אפ די צעשפּרייטע פיסלעכ. אפ די פלויטנ האָט מענ אויסגע־האנגענ טריקענע קריגלעכ אונ טעפּלעכ.

גאָלדע שעכטמאנ איז ארויס אינ גאָרטנ. איר האָט געדוכט, אז דער ווינט וועט איבערקערנ אלע בייטנ, ארויסשלײַדערנ די פארזייטע קארטאָפליעס, ארויסבלאָזנ אלע אוגערקע־יאָדערנ אונ פארשיטנ די ערשטע שפּראָצונגענ פונ די גרינע ציבעלעס. אזויפיל מי האָט עס געקאָסט. אזויפיל דערוואַרט מענ. עס האָט זיכ אָבער אויסגעלאָזט, אז דער גאָרטנ שטייט אפ אנ אָרט. די בייטנ זײַנענ געבליבנ בייטנ, אונ די ציבעלע־שפּראָצונגענ גרינענ אונ וואקסנ. גאָלדע האָט זיכ באַרויִקט. זי וואָלט זיכ שוינ גענומען אומקערנ צו־

ריק, נאָר זי וויל נאָך א ביסל שטיין אין גאָרטן און ארויסקוקן צום וועג, וואָס פירט צו דער סטאנציע.

דער צוג האָט שוין געדארפט אָנקומען. באלד וועלן זיך געווים באוויַיזן מענטשן מיט קלומקעס, מיט זעקלעך, מיט ליידיקע מילכ־קאנען און קאָשיקלעך. די דאָרפישע איַינוווינער וועלן זיך אומקערן פון שטאָט, צוזאמען מיט זיי דארף קומען דער טראקטאָריסט פון דער עמטעס. דער טראקטאָריסט — אזוי רופט זי אים, כאָטש זי ווייסט זיַין נאָמען, זיַין פאמיליע און אפילע זיַין גאנצע געשיכטע. שאכנע בערמאן הייסט ער. נאָר זי וויל אין געדאנק אים דערוויַיטערן, זי פילט, אז אָנרופן באם נאָמען הייסט דערלאָזן א נאָענט־קייט, וואָס זי דארף ניט, טאָר ניט דערלאָזן. א סאך ענלעכס איז פאראן אין זייער ביידנס גורל. ער איז אויך אן עוואקוירטער, זיַין מישפּאָכע איז אויך אריַינגעפאלן צו די דיַיטשן און איז אומגע־קומען.

חעכער א יאָר צוריק האָט ער זיך דאָ באוויזן. ער איז אריַין אין שפּיטאָל, וווּ זי ארבעט אלס שוועסטער, איבערבינדן א וווּנד.

— שוועסטער, — האָט ער געזאָגט זייער גליַיכגילטיק, — שוועסטער, איך וויל איַיך בעטן, — ער האָט זי אָנגעקוקט און פּלוצלינג געזאָגט, ווי דערפרייט, — איר זיַיט מיר קענטלעך. פון־וואנען זיַיט איר?

— קענטלעך? — האָט זי איבערגעפרעגט. זי האָט אָנגעקוקט זיַין שינעל און די אלטע פּילאָטקע, וואָס איז געווען בא די ראנדן עפּעס ווי פארייכערט, — פונוואנען זיַיט איר?

דערוווּסט זיך, אז זיי זיַינען פון איין שטאָט, האָט ער זיך שטארק דערפרייט, אינגאנצן פארגעסן, נאָך וואָס ער איז אהער געקומען, און זיך גענומען נאָכפרעגן, צי האָט זי צופעליק עפּעס ניט געהערט וועגן זיַין מישפּאָכע. ניין, זי האָט גאָרניט געהערט. זי ווייסט אויך ניט, וואָס מיט איר מישפּאָכע איז געשען. זי האָט אים איבערגעבונדן די וווּנד, און ער האָט דערציילט, פונוואנען ער קומט — ער קומט פון דער ארמיי. ער וועט ארבעטן אין דער עמטעס. זי האָט פארשטאנען, אז דער מענטש זוכט פאר וועמען זיך אויסצורעדן, עפענען דאָס הארץ.

פון דעמלט אָן זיַינען זיי געווען באקאנט. ער פלעגט אמאָל אין אָוונט אריַינקומען צו איר. זיי האָבן גערעדט אזוי פיל וועגן וואָס

צו ריידן. ער פלעגט דערציילן וועגן זײַן פרוי און קינד, זי — וועגן איר מאַן און צוויי קינדער.

— און דעם עפּלבוים אין שטאָט־פּאַרק געדענקט איר?

— און די אַלטע קרענעצע האָט איר געזען?

— און דעם נײַעם טעאַטער? איינער פון די שענסטע אין סאָוועטנפאַרבאַנד...

זיי האָבן געכאַלעמט וועגן דער גוטער שעה, ווען די רויטע אַרמיי וועט פאַרטרײַבן דעם דײַטש, און זיי וועלן זיך אומקערן אַהיים צו זייערע מישפּאָכעס.

זי פלעגט אין אַזאַ פאַל טראַכטן: „די קלענערע בענקט געוויס שטאַרק נאָך מיר.״ זי פלעגט עס ניט זאָגן, קעדיי ניט אָנרירן זײַנע פאַטערלעכע געפילן.

ווינטער האָט זי זיך דערוווּסט גענוי, אַז איר מישפּאָכע איז אומגעקומען. ער איז זי געקומען טרייסטן. אָפט איז ער געזעסן און געשוויגן, געטראַכט וועגן עפּעס. איר איז פונדעסטוועגן געווען גרינגער, וואָס אַ מענטש איז דערבײַ. זי איז אַרומגעגאַנגען אַ צעבראָכענע. זי האָט דען פריִער ניט געוווּסט? נאָר דאָך, אַז מענטשן האָבן איר גענוי דערציילט וועגן דעם אומגליק, איז איר געוואָרן אַזוי שלעכט, אַזוי ענג, אַזוי טרויעריק, אַז כאָטש נעם און גיי אַוועק פון דער וועלט.

פרילינג האָט ער איר געהאָלפן גראָבן דעם גאָרטן, געהאָלפן פאַרזעצן קאַרטאָפל און גרינס. זי איז עלנט, און ס׳איז גוט, וואָס אַ מענטש קומט אַרײַן. דעמלט האָט זי אים גערופן ניט אַנדערש, ווי דער טראַקטאָריסט. אַ נאָמען פון אַ מענטשן דערנעענטערט.

איצט שטייט זי אין גאָרטן און קוקט אַרויס צום וועג.

אַפ איר דערקענט מען גלײַך, אַז זי איז אַ שטאָטישע — לויט איר אויסזען און באַנעמונג. אָנגעטאָן איז זי אין שוואַרצן. דאָס טיילט אויס איר ווײַסן האַלדז און מאַכט נאָך העלער איר פּאָנעם. זי איז אַ וווּקסיקע. אַפּן אויסזען קען מען זי שאַצן אַ יאָר דרײַסיק, כאָטש אינדערעמעסן איז זי מיט אַ יאָר פינף עלטער. פאַר דער מילכאָמע האָט מען איר געגעבן ניט מער ווי פינף און צוואַנציק. אין איר מישפּאָכע זענען אַלע אויס יונג. איצט האַלט זי, אַז זי איז שוין אַלט און אָפּגעלעבט, נאָר אַמאָל... מאַלע וואָס אַמאָל איז גע־

ווען... ס'איז איר גאָרניט צום הארצן צו דערמאָנען זיך, אז די שענסטע באָכערים זײַנען איר נאָכגעלאָפן.

אָט באווײַזן זיך די ערשטע אָנגעקומענע מיטן צוג. זיי זײַנען נאָך ווײַט. באלד וועלן זיי זיך אראָפּלאָזן באַרג־אראָפּ און פאר־שווינדן, דערנאָך זיך אופהייבן באַרג־ארוף און זיך ווידער באווײַזן. מיט א וואָך צוריק, אז זי האָט אזוי ארויסגעקוקט פון איר גאָרטן צום וועג, האָט זי אים פונווײַטן דערקענט. הײַנט זעט זי אים ניט. זאָל זײַן, אז ער איז ניט געקומען מיטן צוג? זי קוקט, זי זוכט.

נאָר, אייגנטלעך, וואָס שטייט זי דאָ? וואָס זוכט זי? זי פאר־שעמט זיך פאר זיך אליין און גייט ארײַן אהיים. פארן ארויסגיין פון גאָרטן גיט זי נאָכאמאָל א קוק צום וועג, צי וועט זי ניט דער־זען דעם ברייטפּלייציקן טראקטאָריסט, וואָס גייט מיט גרויסע טריט און קוקט אף די אייגענע פיס.

מע זעט אים ניט. דארף מען ניט. ער וועט קומען, וועט ער זײַן א גאסט. עפּשער איז ער פארנומען. יענער האָט זײַנע זאָרגן, זי — אירע. זי קומט ארײַן אין שטוב און זאָגט דער אלטער באַ־לעבאָסטע, אז מע גייט שוין פון דער סטאנציע.

— מע גייט, וועט מײַן אלטער קומען. — די אלטע גייט אים ארויס באגעגענען.

גאָלדע דרייט זיך ארום אין שטוב, זוכט עפּעס, טוט עפּעס. זי דערמאָנט זיך: ער וועט ברענגען א פרישע צײַטונג, ער וועט ברענגען אויך די יידישע צײַטונג, ער וועט דערציילן נײַס. זי גייט ארויס אף דער גאס און שטעלט זיך לעבן דער באלעבאָסטע. ביידע קוקן צום וועג. איין גרופּע איז שוין אין דאָרף ארײַן, איבערן וועג ציִען זיך די איבער־ריקע. אים זעט זי ניט. צי איז עפּעס ניט געשען? פּלוצלינג גיט זי א צאַפּל אוף. דאָס איז ער? ס'איז ער, און זי דערקענט אים ניט. ער איז גאָר געוואָרן קלענער, ער איז אײַנגעהויקערט, ער איז צעטראָגן.

— וואָס איז מיט אײַך?

— גאָרניט.

— איר זײַט קראנק?

ער ענטפערט ניט. ער שטייט א ווײַלע און גייט אוועק צו זיך.

## 2.

אינ אָוונט איז ער ניט געקומענ און קײנ צײַטונגענ ניט געבראכט. אפ מאָרגנ איז ער אויכ ניט געקומענ. צי איז ער ניט קראנק? צי איז עפּעס ניט געשענ?

פארנאכט איז זי ארויס אינ גאס און זיכ געלאָזט אינ דער ריכטונג צו דער עמטעעס. דאָס דאָרף איז א גרויס — דרײַ לאנגע גאסנ. די הײַזער — מיט ליכטיקע פענצטער, די דעכער אינ גרעסטנ טײל געדעקט מיט בלעכ. בא די הײַזער געצײלטע ביימער. די פלויטנ נידעריקע, געפלאָכטנ פונ צווײַגלעכ אָדער געמאכט פונ דינע פלעקעלעכ. די גערטנער זײַנענ אינגאנצנ אָנ פלויטנ, נאָר פונ אלע זײַטנ ארומגעצאמט מיט טיפע גראָבנס, אז קײנ קו און קײנ פערד זאָלנ ניט קומענ אינ געסט. גאָלדע גײט ארויס פונ דאָרף. אינ סטעפּ איז אזוי שטיל, אז עס קאָנ דוכטנ: דאָ באשטייט אלצ פונ ערד, הימל און שטילקײַט. אינ סטעפּ איז נאָכ די זונ, ווי א גאָלדענע ראָד, וואָס שמעלצט זיכ פונ זיכ אלײנ און שלײַדערט שטיקער פײַער אפ אונטערצינדנ דאָס גראָז. נעענטער צו גאָלדענ איז דאָס גראָז ראָז, ווײַטער — ראָז מיט געל, נאָכ ווײַטער — רויט. עס נעמט טאקע דוכטנ, אז באמ ראנד ברענט די ערד, צעגייט, שמעלצט זיכ אינ א גאָלדענער אָזערע.

גאָלדע גײט לאנגזאמ. דאָ קענ מענ זיכ גאָרניט אײַלנ. זי בלײַבט א ווײַלע שטײנ און פארמאכט די אויגנ. דעמלט דוכט איר, אז זי אלײנ איז א טייל פונ דער אומבאוועגלעכער רו. זי גײט ווײַטער. פונדערווײַטנ דערטראָגט זיכ דער רויש פונ דער עמטעעס. דערנאָכ באווײַזנ זיכ הײַזער: די רעמאָנט-ווארשטאטנ, די קוזניע, די גאָרקיכ, די סקלאדנ און די קאָנטאָר אפנ גרויסנ הויפ פונ דער עמטעעס רעמאָנטירט די פרויענ-בריגאדע א קאָמבײַנ. צי זאָל זי בא עמעצנ ניט קײנ פרעג טאָנ וועגנ דעמ טראקטאָריסט? בא דער קאָנטאָר אפ דער וואנט הענגט א גרויסע ברעט, וועלכע דערציילט וועגנ דער ארבעט פונ דער עמטעעס פארנ טאָג. אפנ פערטנ אָרט שטײט בערמאנ. גוטע פראָצענטנ. אינ געדאנק בא גאָלדענ: „געזונט!" זי איז צופרידנ פונ אזא גוטנ גרוס. זי וועט רײדנ א פאָר ווערטער מיט די פרויענ באמ קאָמבײַנ און וועט גײנ צוריק.

עס קומענ אָבער אָנ די צוויי ברידערלעכ — די עלעקטריקער,

וואָס גייען, ווי בא זיי מאכט זיך אָפּט, מיט שמוציקע פּע־
נעמער. דעם עלטערן איז פופצן יאָר, דעם יינגערן דרײַצן. די מאמע
איז געשטאָרבן, דער טאַטע איז אַפּן פראָנט.ביידע ברידערלעך
ארבעטן אין דער עמטעעס. זיי זײַנען זייער פעיִקע, קימאט אָן קיי־
נעמס הילף זײַנען זיי געוואָרן עלעקטראָ-טעכניקער, און איצט קען
מען זיך אָן זיי ניט באַגיין. אָבער וואַשן זיך צו דער צײַט, פאַריכטן
א שוך, לייגן א לאַטע אַפּ די הויזן — דאָס אינטערעסירט זיי ניט. עס
טרעפט, אז עמעצער פון די פרויען אין דער עמטעעס פאַרשלעפּט
זיי מיט גוואַלד פון צעך און צווינגט אויסוואַשן די קעפּ. עמעצער
פון די שכנים נייט צו א קנעפּל. אָבער אין גרעסטן טייל זײַנען
ביידע ברידערלעך אָפּגעלאָזן און פאַרמורזעט.

— אָט גייען זיי, די ברידערלעך, ניקאָלײַ און פּאַוועל. ווידער
ניט געוואַשן, — זאָגט גאָלדע. אלעמאָל, ווען זי זעט א קינד אָפּגע־
ריסן, פאַרוויינט, פאַרשמוצט, דוכט זיך איר, אז אירס א קינד איז
עס, און זי צעשפּרייט די הענט אַפּ ארומנעמען עס.

פאַר די אָרטיקע אײַנוווינער האָבן די ברידערלעך קײַן איבעריקן
דערעכ-ערעץ ניט. אַפּ דער פעלדשערקע קוקן זיי מיט גרויס אכטונג.
זיי בלײַבן שטיין און לאָזן אראָפּ די קעפּ.

— וווהין גייט איר? — פרעגט גאָלדע.

— אהיים.

— געגעסן האָט איר?

— געגעסן.

— און נאָך ווילט איר?

ביידע שווײַגן.

— קומט, קינדער, קומט צו דער קעכן.

ביידע ווישן אָפּ די נעזלעך מיט די שוואַרצע הענט. זייערע
אויגן ווערן פריילעכער.

די פאַרזאָרגטע קעכן נאַסטיא קוקט אַפּ די ארײַנגעקומענע מיט
א בליק, וואָס איז אי צופרידן אי אומצופרידן. צופרידן, וואָס די
פעלדשערקע איז געקומען. אומצופרידן, וואָס זי פירט מיט זיך די
ברידערלעך, ווידער זיי געבן עסן. פונדעסטוועגן וועגט איבער די
צופרידנקײַט.

— א גאַסט, א גאַסט. — זאָגט זי צו גאָלדען, — זעצט זיך.
פון אײַך וועט מען כאָטש הערן א גוט וואָרט.

— פֿון מיר?

— איר ווייסט, מיסטאָמע, — דעם דײַטש וועט מען אײַנגיכן צעקלאַפּן?

— מע דאַרף האָפֿן, אַז אײַנגיכן.

— וואָס גיכער, וואָס גיכער. — איצט קוקט זי זיך אום אַף די ייִנגלעך, וואָס שטייען אָן א זײַט. — באַלד, באַלד, — זי גייט שנעל אַרײַן אינעווייניק אין דער קיך און ברענגט אַרויס צוויי טעלער מיט הירזשענע קאַשע. — עסט, קינדער!

— וואַרט, וואַרט! — זאָגט גאָלדע. — עסן וועלן זיי באַוויזן. וואַסער איז דאָך פֿאַראַן?

— פֿאַראַן.

— און זייף?

— אויך.

גאָלדע נעמט די ייִנגלעך פֿאַר די הענט און פֿירט זיי וואַשן. זי שטייט דערבײַ, קעדיי די ייִנגלעך זאָלן ניט פֿאַלשעווען, זאָלן וואַשן די העלדזער און די אויערן.

נאָכדעם עסן די קינדער.

אַז זי גייט צוריק, איז שוין קיין סימען פֿון קיין זון ניטאָ. די טונקלקייט ווערט געדיכטער. די קילקייט גרעסער, נאָר די שטילקייט איז די זעלבע.

אַף מאָרגן איז דער טראַקטאָריסט ווידער ניט געקומען. מיטן מענטשן קומט עפּעס פּאָר, מיט אים איז עפּעס געשען. און זי? זי טראַכט נאָר וועגן דעם, וואָס וועלן מענטשן זאָגן וועגן אַ פֿרוי, וואָס קומט אין געסט צו אַ מאַנצביל? זי איז איצט אַף זיך אַלײן בייז. זי טוט זיך שנעל אָן. איר דוכט, אַז עס איז קיל, אַפֿילע קאַלט. זי קומט אָן צום גרויסן הויף פֿון דער עמטעעס. די אויגן זוכן די ברעט אַף דער קאָנטאָר. בערמאַן האָט געאַרבעט. „געזונט". אָבער הײַנט שטייט ער אַפֿן זעקסטן אָרט. מיט אים איז עפּעס געשען, ניט קיין גוטס איז געשען...

אַז זי איז אַרײַן צו אים אין שטוב, איז ער געלעגן אַפֿן בעט אָן אָנגעטאָנענער, מיט אָפֿענע אויגן.

— וואָס איז מיט אײַך? איר זײַט קראַנק?

ער האָט געשוויגן. זי איז געשטאַנען אינמיטן צימער און ניט געוווּסט — זעצן זיך צי שטיין.

— כאווער בערמאַן, וואָס איז מיט אײַך? קראַנק?

— געזונט. צום באַדויערן, געזונט...

— צום באַדויערן?

— איר פאַרשטייט, — ער האָט זיך שנעל אופגעזעצט. — איך ווייס שוין לאַנג. אומגעקומענע. מײַן פרוי, מײַן קינד. איך שטאָט האָט מען עס מיר ווידער דערציילט. ווער בעט זיי, ווער בעט זיי דער־ציילן, אז איך גלייב ניט, איך גלייב ניט!

## 3

שאַכנע בערמאַן האָט אויסגעזען עלטער פון זײַנע יאָרן. זײַנע אויסזען העננגט אָפּ פון זײַן שטימונג. פילט ער זיך גוט — איז ער נאָך גאָר א יונגערמאַן. לעצטנס זעט ער אויס עלטער, ער גייט אָפּ זיך ווינציק אכטונג, גייט אָפּט נאָך דער ארבעט אין די ארבעטס־קליידער. און אמאָל האָט ער זיך שטאַרק ליב געהאַט פּוצן. אים דוכט אָבער, אז דאָס איז געווען זייער לאַנג. נאָך פאַר דער מיל־כאָמע, פאַרן גיין אַפּן פראָנט, פאַרן ווערן פאַרוואונדעט, פאַרן פאַר־לירן זײַן מישפּאָכע, לאַנג, זייער לאַנג איז עס געווען. אז ער וויל זיך איצט דערמאָנען, וואָס אמאָל איז געווען, קען ער ניט. זײַנע אַלע געדאַנקען דרייען זיך ארום די לעצטע יאָרן, און ער קען זיך פון זיי ניט ארויסרײַסן.

אין די אָוונטן קומט ער ווידער צו גאָלדען. זי איז אים מעכא־בעד מיט טיי. ווידער רעדט מען וועגן דער היים, אמאָל שווײַגט מען. עס טרעפט, אז אינמיטן שווײַגן גיט ער אָפּ איר אַזאַ קוק, אז זי מוז טייקעף אין געדאַנק אים אָנרופן טראַקטאָריסט.

הארבסט האָט ער געהאָלפן אראָפּנעמען די גערעטעניש אין גאָרטן. געשלעפּט די קאַרטאָפל צו גאָלדען אהיים. גאָלדעס באַלע־באָסטע האָט ניט אויסגעהאַלטן.

— טײַערינקע, — האָט זי צו איר געזאָגט, — לעבעדיקע מענטשן. וואָס מאַטערט איר זיך. טויטע שטייען דאָך ניט אוף.

גאָלדע האָט זיך געמאכט ניט הערנדיק. זי האָט נאָר געטראַכט: טויטע? זיי לעבן.

אינ ווינטערדיקנ סטעפּ האָט געבושעוועט. דער ווינט האָט גע־טריבנ אונ געיאָגט דעמ שניי, געוואָרפנ אינ אַלע זײַטנ. דורכגייער האָבנ ניט געזענ, וואָס אַ טראָט ווײַטער טוט זיכ.

בײדע האָבנ אַרויסגעקוקט אַפּ בריוו. זיי האָבנ געהאַלטנ אינ איינ שרײַבנ אינ זייער באַפרײַטער היימשטאָט אונ זיכ אָנגעכאַפּט אָנ יעדער האָפענונג, ווי אָנ אַ שטרוי. סײַ אינ די אָפיציעלע ענט־פערס סײַ אינ די פּריוואַטע זײַנענ קיינ גוטע נײַעס ניט געווענ.

אינ איינעמ אָנ אָוונט איז ער אַרײַנגעקומענ צו איר.

— איר וועט טרינקענ טיי? — האָט זי געפרעגט.

— ניינ.

— אונ עפּשער וועט איר טרינקענ? — זי האָט זיכ באַ אימ מאַמעש געבעטנ. זי האָט געוואָלט, ער זאָל טרינקענ אונ ניט ריידנ. זי האָט הײַנט מוירע פאַר זײַנע רייד. אַפּ זײַנ פּאָנעם איז אָנגע־שריבנ, אַז ער וועט זאָגנ אַזוינס, וואָס איר איז שטאַרק ניט צומ האַרצנ, וואָס איז איר דערווידער.

— גאָלדע, די מילכאָמע וועט זיכ ענדיקנ.

— געוויס.

— מירנ פאָרנ אַהיימ.

— מיסטאָמע.

— קענ זײַנ, מירנ קיינעמ ניט טרעפנ.

— קענ זײַנ...

— נו?

— וואָס נו?

— וואָס וועט דעמלט זײַנ?

— כאַווער טראַקטאָריסט, וואָס פרעגט איר מיכ אַזוינע פראַגנ.

— איכ פרעג ניט אײַכ, איכ פרעג זיכ אַליינ.

— זיכ אַליינ? איכ האָב געמיינט, איר זײַט אַנ ערנסטער מענטש, אַ סאָלידער.

— זאָל זײַנ, מיר האָבנ בײדע אַ טאָעס געהאַט?

— איר וועט טרינקענ טיי?

בײדע האָבנ געוווּסט, אַז זייערע מישפּאָכעס זײַנענ אומגעקומענ. בײדע האָבנ געפילט, אַז זיי ווערנ צוגעוווינט איינער צומ אַנדערנ. בײדע האָבנ פאַרשטאַנענ, אַז דאָס לעבנ איז אַ לעבנ... נאָר ריידנ

וועגן דעם, טראכטן וועגן דעם טאָר מען ניט. ס'איז דערווידער, ס'איז קעגן געוויסן.

דער ווינטער איז אריבער. אף די פעלדער האָבן טאָג און נאכט גערוישט טראקטאָרס. דעם נייגטן מיי אין אָוונט איז דאָס דאָרף פארהילכט געוואָרן פון געזאנג און טענץ. מאמעס זיינען ארומגע־גאנגען מיט קינדער און געטייַנעט אָן אופהער:

— דער טאטע וועט קומען!

אלטע פויערטעס, וואָס זיינען שוין לאנג אין די אָוונטן אין ער־געץ ניט ארויס, זיינען געקומען זיך פרייען מאכן.

— איין גרוס נאָר פון פראָנט, אז מע איז געבליבן לעבן, — דאָס האָבן אלע פארלאנגט.

שאכנע מיט גאָלדען האָבן צוזאמען מיט אלע דאָרפישע שפּעט שפּאצירט איבער דער לאנגער גאס.

**4**

ס'האָט זיך דערנענטערט דער טאָג פון פאָרן צוריק אהיים. ביידע האָבן זיך געגרייט אין וועג, נאָר יעדער פאר זיך. אף דער סטאנציע האָבן זיי זיך באגעגנט אזוי ווי צופעליק. באקאנטע זיינען געקומען באגלייטן. אייניקע האָבן געבראכט גוטע זאכן אפן וועג. צווישן די באגלייטער זיינען געווען ביידע ברידערלעך — די עלעק־טריקער. ביידע אויסגעוואשענע, מיט אויסגעפוצטע שיך, מיט איינ־געניייטע קנעפּלעך. דאָס איז געווען זייער מאטאָנע דער פעלדשער־קע. זי האָט זיך שטארק געפרייט.

דער וועג אהיים איז געווען א לאנגער, און ביידן האָט זיך גע־וואָלט וואָס גיכער אָנקומען. פארביי די פענצטער פון וואגאָן זיינען פארבייגעלאָפן פעלדער און וועלדער, טייכן און טייכלעך. זיי זיינען פארבייגעפאָרן א סאך שטעט און דערפער. מע פאָרט אהיים. אָפט קען מען זען, ווי גאָלדע פארטראכט זיך, ווי שאכנע כאָלעמט, אף א ווייַלע ווערן זיי ווי ניט קיין היגע און פליִען אין די גערדאנקען אוועק ערגעץ וויַיט.

גאָלדע געדענקט — אין איינעם א ווינטער־אָוונט איז שאכנע געקומען צו איר און געזאָגט:

— די מילכאָמע וועט זיך ענדיקן.

און זי האָט געענטפערט:

— געוויס.

— מירן פאָרן אהיים.
זי האָט געענטפערט:
— מיסטאָמע.
— קען זײַן, מירן קיינעם ניט טרעפן...
די מילכאָמע האָט זיך געענדיקט. זיי פאָרן אהיים. צי וועלן זיי טאקע קיינעם ניט טרעפן? האלעווײַ זאָל שאכנע זײַן אומגערעכט. מאלע וואָס א טראקטאָריסט קען אײַנפאלן. נו, און טאָמער? סײַווי קען גאָרניט ניט זײַן. זי זינדיקט שוין מיטן גדאנק אליין. עפשער איז יאָ עמעצער דאָ. זי פילט, אז דער דאָזיקער „עפשער" דער־ווײַטערט זי פון שאכנען. זיי זײַנען טאקע גוטע פרײַנט, זי וועט אים שטענדיק זײַן דאנקבאר פאר דער הילף. זיי פאָרן צוזאמען אף צו דערווײַטערן זייער באקאנטשאפט.
און אויך שאכנע דוכט, אז זיי פאָרן צוזאמען אין זייער היימ־שטאָט אף צו דערווײַטערן זייער באקאנטשאפט. זי וועט געפינען איר מישפאָכע, ער — זײַנע. ער וואָלט געוועז שטארק צופרידן, ווען די שיינע און ווילע גאָלדע וואָלט אופגעריכט געוואָרן.
און די שכיינים אין וואגאָן רופן זיי ווי אף צולאָכעס „מאן און ווײַב". ביידן איז עס אומבאקוועם אָפצולייקענען. זיי שווײַגן. זיי דוכט, אז זיי זײַנען נאָך קיינמאָל אזוי ווײַט ניט געוועזן איינער פונעם אנדערן, ווי איצט.

---

נאָכן אָנקומען אין זייער היימשטאָט האָבן זיי זיך לאנג ניט געזען. יעדער פון זיי איז געוועזן פארנומען מיט זײַנע זאָרגן. זיי האָבן זיך באגעגנט צופעליק אף דער גאס. יעדערער פון זיי האָט גע־ווּסט, אז דעם אנדערנס האָפענונגען האָבן זיך אויסגעלאָזט צו גאָרניט. זיי האָבן וועגן דעם ניט גערעדט.
— איר זײַט פארפאלן געוואָרן, שאכנע. מע זעט אײַך ניט. קומט אמאָל ארײַן. כאָטש טיי טרינקען.
— גאָלדע, הײַנטיקס מאָל וויל איך, איר זאָלט צו מיר קומען אף א גלאָז טיי.
זי האָט רויִק און לאנגזאם א שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ.
— גוט, שאכנע.
אין דער מינוט האָט זי איינגאנצן פארגעסן, אז זי האָט אים אמאָל גערופן „טראקטאָריסט".
1946.

## זי האָט ליב מענטשן

דער טאַטע פֿלעגט אַמאָל אין שפּאַס און אַמאָל אַפּילו מיט פֿאַרדראָס אַ פֿרעג טאָן:

— וואָס וועט זײַן פֿון איר? אַ מיידל פֿון דרײַצן יאָר, אַ שילערן פֿון פֿינפֿטן קלאַס, און זי שפּילט זיך נאָך מיט ליאַלקעס!

— אַ קינד, — האָט אים געענטפֿערט די מאַמע.

ווען סאָרעלע איז שוין געווען אין די לעצטע קלאַסן, פֿלעגט זי צונויפֿזאַמלען אַרום זיך קליינוואַרג און זיך שפּילן מיט זיי.

די מאַמע פֿלעגט זאָגן פֿאַרבײַגייענדיק:

— געוועז אַ קינד און געבליבן אַ קינד.

סאָרעלע האָט געהאַט ערשט פֿאַרענדיקט די מיטלשול, ווען דער דײַטש איז באַפֿאַלן די סאָוועטישע ערד. זי האָט אירע לאַנגע ברוינע צעפּ פֿאַרקעמט אין אַ קראַנץ, אָנגעטאָן איר ספּאָרט-קאָפּטל און געזאָגט דעם טאַטן, אַז זי מוז מיט אים דרינגענדיק ריידן וועגן זייער אַן ערנסטן ענין.

— מיט דער מאַמען האָסטו שוין גערעדט?

— ניין, טאַטע, הײַנט וויל איך אָנהייבן פֿון דיר.

סאָרעלע איז אַ באַס-יעבידע. מע פֿלעגט איר אַ סאַך זאַכן נאָכגעבן, נאָר אַלעמאָל איז עס געגאַנגען דורך דער מאַמען. דער טאַטע איז אַ גאַנצן טאָג אין דער אַרבעט, ער איז אַן אָנגעזעענער עקאָנאָמיסט, זעט אויס סאָליד, און די טאָכטער האָט פֿאַר אים גרויס דרעך-ערעץ.

— טאַטע, מײַנע באַוווּסטע פֿאָרן אַפּן פֿראָנט.

— נו?

— פֿאָר איך אויך!

* * *

זי איז געווען א סאניטארקע, א מעדשוועסטער און איז בײַגע־ווען בא א סאך אָפּעראַציעס. זי האָט רעגולער געשיקט בריוו אהיים. אין די בריוו האָט זי מיט גרויס ליבע געשריבן וועגן די פארוווּנ־דעטע, וועגן דעם, ווי ווער פון זיי עס פילט זיך — ווער עס ווערט געזונט, און ווער עס מוז פארלירן א האנט אָדער א פוס.

די עלטערן האָבן געוווּסט קימאט אלעמען בא די נעמען.

לייענענדיק סאָרעלעס בריוו, פלעגט די מאמע זאָגן צום טאטן:

— איסאַק, דער סערזשאנט איז געזונט געוואָרן. אפילע קיין אָפּעראַציע האָט מען ניט געדארפט, סאָרעלע איז געווען גערעכט.

דער טאטע פלעגט נאָכן צענטן מאָל איבערלייענען אירן א בריוו זאָגן:

— דעם קאפיטאן האָט מען געמוזט א צווייט מאָל אָפּערירן. סאָרעלע האָט אָבער פאָרויסגעזאָגט. אָט האָסטו דיר ליאלקעס!..

— פארגליכן, זי איז דאָך שוין, אָן איינהאָרע, א דערוואקסענע.

— ווער, סאָרעלע? עפּעס גלייבט זיך מיר אלץ ניט. אמאָל ווייס איך ניט, צי זי שרײַבט עס פון פראָנט צי פון פּיאָנערן־לאַגער...

— און שלאָפסט ניט קיין נעכט.

— איך בין דען קיין טאטע ניט?

* * *

אין דריטן יאָר ארום איז סאָרעלע געקומען אהיים. אף דער כאָוועפּישער ערד איז שוין געווען שאָלעם. ס'איז געווען סאָף זו־מער. אָוונט־צײַט. טאטע־מאמע זײַנען געזעסן אין שטוב פארטיפט אין פארשיידענע געדאנקען. מע האָט אָנגעקלאפּט אין טיר.

— דערלויבט ראפּאָרטירן, אײַער טאָכטער...

— סאָרעלע!

— סאָרעלע!

פאר זיי איז געשטאנען זייער טאָכטער.

אף דעם קראנץ האָר — שטײף ארופגעזעצט די פּילאָטקע. דער פארצווייגענער רימען האָט נאָך מער אונטערגעשטראָכן איר שטאלצ־

נע פיגור. פון די פראָסטע שטיוול מיט ברייטע מאנצבלשע כאָליע־וועס זעט מען אירע שטיף־געוואָרענע פיס.

זי שטייט אינמיטן צימער אין א מיליטערישער אוניפאָרם און אין א מיליטערישער פּאָזע. צי פון אומדערוואַרטקייט, צי פון איבעראשונג, צי גאָר אויס אכטונג ווייסן ניט טאטע־מאמע ווי צו באגיין זיך מיט איר. נאָר אז די מאמע וויינט זיך פאנאנדער, ווערט ווידער אלץ קלאָר און היימיש.

* * *

אין א וואָכן צוויי ארום איז דער טאטע אריינגעקומען צו זיך אהיים און דערהערט, אז אין די צימערן איז טומלדיק. וואָס זאָל עס באטייטן? ער האָט געעפנט די טיר און דערזען, אז זיין „סאָל־דאט" איז ארומגערינגלט מיט קינדער פונעם הויף און שפּילט זיך מיט זיי. ער איז געבליבן שטיין באַם שוועל.

— יאָ, — האָט ער געזאָגט צו זיך אליין, — זי וויל אריינ־טרעטן אין א הויבשול. דאָס סאמע צוגעפּאסטע פאר איר איז זיין א פּעדאגאָג. זי האָט ליב קינדער.

— טאטע, — האָט אויסגעשריען סאָרעלע, — ביסט דאָ! קאָנסט מיך באגריסן — א סטודענטן.

— איך באגריס דיך, טייערינקע. געוויס אפּן פּעדאגאָגישן, לויט דיין גוסט.

— מיין גוסט! פארוואָס מיינסטו אזוי? אפּן פּראָנט האָבן די דאָקטוירים געזאָגט, אז איך וועל זיין א גוטער כירורג. כ'האָב ליב מענטשן, האָבן זיי געזאָגט.

.1946

# מײַן שאָכן דערציילט

איך פאָר קײן קאַווקאַז אין אַן אַפּרו־הויז. איך טראַכט וועגן ים, וועגן הייסער זון, וועגן ווײַנטרויבן און רו. עס ווילט זיך פאַר־פירן אַ פריילעכן שמועס מיט מײַן שאָכן אין וואַגאָן, נאָר מײַן שאָכן שווײַגט.

דער שאָכן מײַנער האָט אַן אויסזען, וואָס לאָזט ניט געניי באַ־שטימען זײַנע יאָרן. דאָס פּאָנעם איז בלאַס און דאַר, נאָר האָט אַ יונגן אויסדרוק. די אויגן זײַנען שוואַרצע, פאַרטראַכטע, קלוגע. די האָר זײַנען גרויליכע. די באַוועגונגען זײַנען שנעלע, אײַליקע, יונגע. איך וואָלט אפילו זאָגן — ייִנגלשע. וויפיל יאָר איז אים? די אויגן זײַנען אַלט אַ יאָר טויזנט. די האָר אַ יאָר פופציק, דאָס פּאָנעם אַ יאָר דרײַסיק, און וועגן אים אינגאַנצן גענומען איז שווער צו באַשטימען: ער איז אַלט צי יונג?

איך בין פויל צו באַשטימען זײַן עלטער.

ווי נאָר איך בין אַרײַן אין וואַגאָן, האָב איך באַשלאָסן, אַז מײַן אַפּרו האָט זיך אָנגעהויבן, און האָב זיך דערפילט, ווי אויפן ברעג ים אין אַ הייסן זומער־טאָג.

וואָס ווײַטער, איז מיר מײַן שאָכן געוואָרן אַלץ טשיקאַווער. כ'האָב ניט אויסגעהאַלטן און געפרעגט:

— אַנטשולדיקט, זאָגט מיר, ווי אַלט זײַט איר?

— פינף און צוואַנציק יאָר.

— ניט מער? אויב אַזוי, דערציילט עפּעס, — בין איך צו־געשטאַנען צו מײַן שאָכן, — ס'איז דאָך אומעטיק, אַ שרעק.

— וועגן וואָס זאָל איך אײַך דערציילן? ווייסט איר גאָר וואָס — וועגן שרעק!

* * *

ער האָט אָנגעהויבן:

צי איז דער מענטש א שרעקעוודיקער צי ניט — קען מען אמאָל באשליסן פון איין קליינער באוועגונג זײַנער, פון איין שטריך. דער מענטש אליין באמערקט אפילע ניט דעם דאָזיקן איינציקן שטריך, וואָס גיט ארויס זײַן שרעק. אָבער דאָך באשטימען אזוינס אפ זיכער איז אלעמאָל שווער.

איך בין געווען גאָר א יונג באָכערל, ערעוו דער מילכאָמע איז עס געווען, און בין געווען פארליבט אין א שיין מיידל, דאָס מיידל אין מיר, דוכט זיך, אויך. דאָס מיידל פלעגט האָבן האנאָע פון דעם, וואָס זי פלעגט אָפט פון מיר לאכן און אלץ וועלן דערווײַזן, אז איך בין ניט קיין דרייסטער און זי פארקערט: זי איז א דרייסטע און א בעריע. עס האָט מיך שוין מאמעש גענומען פארדריסן, און איך האָב נאָר געוואַרט אפ א געלעגנהײַט זיך אָפצוזורעכענען. אין איינעם אָן אָוונט איז אונדז אויסגעקומען אראָפצוגיין פון הויכע, פינצטערע, קרומע טרעפ. ניט גענוג, וואָס איך האָב זי געפירט אונטער דער האנט, האָט זי נאָך געשטעלט מאָדנע קרומע טריט. אינעם דאָזיקן טראָט איז געלעגן ניט נאָר אומזיכערקײַט, נאָר אויך שרעק.

— איר זײַט א שרעקעוודיקע...

זי איז אזוי געווען פארנומען מיטן פארלאנג וואָס גיכער איבערקומען די טרעפ, אז זי האָט ניט געענטפערט.

— זעט, כ'ארא קרומע טריט איר שטעלט...

ביז מיר זײַנען פון די טרעפ געגאנגען, האָט זי גאָרניט געזאָגט, זי האָט זיך פעסט אָן מיר געהאלטן, בא דער טיר האָט זי מיר א וואַרפ געטאָן מיט גרויס רוגזע:

— איר זײַט א גראָבער יונג!

מער האָב איך זי ניט געזען.

אז איך אליין בין ניט קיין גרויסער בעריע, איז ריכטיק, אזוי האָבן אלע געהאלטן, אזוי האָב איך אויך געטראכט. ערגער איז געווען דאָס, וואָס אָפט פלעגט זיך מיר דוכטן, אז איך בין א שרעקעוודיקער.

אָט איז אויסגעבראָכן די מילכאָמע, און צו אונדז זײַנען אָנגעקומען די דײַטשן. וואָס די דײַטשן האָבן געטאָן מיט יידן — ווייסט

איר? וועל איך ניט איבערכאזערנ. אינ איינעמ א ווארעמענ פארנאכט האָט מענ מיכ מיט א סאכ אנדערע יידנ געפירט שיסנ. איכ ווייס ניט, ווענג וואָס עס האָבנ געטראכט די איבעריקע, בא מיר אינ קאָפּ איז געווענ איינ געדאנק: ניט זיינ קיינ פאכדנ. איכ געדענק זייער גוט, ווי ראָז עס האָט אויסגעזענ דער שטויב, וואָס האָט זיכ געהויבנ פונ אונטער מיינע פיס אנטקעגנ דער אונטערגייענדיקער זונ, איכ האָב פארגעדענקט א בוימ, וואָס זיינע איינציקע צוויי צווייגנ האָבנ זיכ אופגעהויבנ צומ הימל, ווי א לירע. די זונ האָט זיכ אלץ נידעריקער אראָפּגעלאָזט, אונ איכ האָב געפילט אפנ פּאָנעמ איר ווארעמקייט. מיר זיינענ ארייננ טיפער אינ וואלד, מע האָט אונדז אויסגעשטעלט בא א ריוו, די דייטשישע סאָלדאטנ האָבנ אופגעהויבנ די ביקסנ. איכ בינ געווענ רויק. דעמלט איז מיר געקומענ אפנ געדאנק: איכ בינ ניט קיינ שרעקעוודיקער. גוט כאָטש, וואָס איכ ווייס עס. די דייטשנ האָבנ גענומענ שיסנ. טויטע, פארוווּנדעטע, פארבלוטיקטע זיינענ געפאלנ אינ ריוו ארייננ, א קינד האָט גענומענ שרייענ: — מאמע! אויב איכ בינ געבליבנ לעבנ, איז עס א צופאל. איכ האָב גארניט געטאָנ אפ זיכ צו ראטעווענ, אונ וואָס האָט מענ געקענט טאָנ קעגנ ביקסנ אונ קוילנ, קעגנ קוילנווארפער אונ דייטשישע סאָלדאטנ? איכ בינ געווענ בלויז פארוווּנדעט, אונ בא נאכט בינ איכ אנטלאָפנ. ערשט איצט האָב איכ מוירע געקראָגנ פארנ טויט, נאָר ניט פארנ טויט, וואָס קענ צונעמענ מיינ לעבנ, ניינ, ניט ווענג דעמ האָב איכ געטראכט אונ ניט פונ דעמ טויט בינ איכ געלאָפנ. איכ בינ געלאָפנ פונעמ טויט, וואָס איז געלעגנ אינ ריוו. איכ בינ געלאָפנ פונ געשריי „מאמע!“ מיר האָט גערוכט, אז דער גאנצער ריוו געשאָסענע יידנ לויפט מיר נאָכ. איכ פיל, אז מיינע פיס גליטשנ זיכ, אז אָט־אָט פאל איכ. אינ דער טויטער שטילקייט הערט זיכ קינדערש געשריי. באלד וועל איכ שוינ מער ניט קענענ לויפנ. אינ יענער רעגע האָב איכ דערפילט, אז איכ שטעל קרומע, ניט זיכערע טריט, אז מיינע פיס ציטערנ. די שרעק באזיגט מיכ. איכ האָב זיכ געראטעוועט פונ טויט אונ זועל אומקומענ פונ שרעק?

* * *

מיר זיינענ געווענ א מאנ אכציק פארטיזאנער. געווענ איז שוינ דעמלט ווינטער. עס האָט אָנגעשאָטנ אזויפיל שניי, אז די ביימער זיינענ געשטאנענ אָנגעפעלצט, ווי בערנ. איינמאָל אינ אָוונט זיינענ

מיר, עטלעכע פּארטיזאַנער, געגאַנגען אויספּילן אַ אופגאַבע. די לע־וואַנע איז געווען פול, ווי אַ אויג, זי האָט חעל באַלויכטן דעם שניי און די פארשאָטענע צווײַגן. אַרום און אַרום איז געווען שטיל, נאָר אונדזערע טריט האָבן זיך געלאָזט הערן. מיר זײַנען געגאַנגען און געשוויגן, די לעוואַנע איז אונדז נאָכגעגאַנגען.

איך וועל אײַך ניט דערציילן וועגן פּאַרטיזאַנישן קאַמף, איר האָט שוין געווים געהערט. אין דעם פאַל האָבן מיר געהאַט אַ פּאָשעטע אופגאַבע. פון אַ צווייטער פּאַרטיזאַנער־גרופּע האָט צו אונדז געדאַרפט קומען אַ פאַרבינדלערן מיט וויכטיקע ידיעות. מיר האָבן שוין לאַנג געוואַרט אויף איר, און זי איז אַלץ ניט געקומען. דע־ריבער זײַנען מיר, עטלעכע מענטשן, געגאַנגען איר אַנטקעגן, עפּ־שער איז מיט איר עפּעס געשען אין וועג און זי נייטיקט זיך אין הילף. די לעוואַנע איז אַוועקגעשוווימען הינטער אַ וואָלקן. אויפן וועג איז ליכטיק פונעם אָנגעשאָטענעם שניי. אַרום און אַרום איז אָבער אַלץ אײַנגעהילט אין כווישעך. אויף מיזרעך נעמט אײַנגיכן די פינצטער־ניש ווערן שיטערער און שיטערער, ווי מע וואָלט דאָרט געהאַלטן אין איין גיסן זויערמילך. מיר שטעלן זיך אָפּ, פאַררייכערן און גייען ווײַ־טער אויף מיזרעך. פּלוצלינג בלײַבן מיר שטיין, אין דער ליכטיקער מיזרעך־זײַט האָבן מיר קלאָר דערזען אַ דײַטש. ער גייט אײַנגעבויגן. מיר האָבן זיך פאַרטײַעט. באַלד אָבער האָבן מיר דערזען, אַז הינטערן דײַטש גייט עמעצער מיט אַ ביקס. ווער פירט עס דעם דײַטש? אַז זיי קומען נעענטער, דערזעען מיר, אַז דער דײַטש איז אַ געפאַנגע־נער. אים פירט אַ מיידל אַ פּאַרטיזאַנקע. מיר זײַנען אַרויס אויפן וועג, ביידע האָבן אויף אונדז אַ קוק געטאָן מיט אויגן פול האָפענונג. ווער באַגעגנט זיי? וועמען קומען מיר צוהילף? אַז מיר זײַנען ניט קיין דײַטשן — דערקענט מען גלײַך. און וויבאַלד אַזוי, שײַנט די פרוי אויף און דערפרייט זיך מיט אונדז גוואַלדיק.

— אונדזערע?

— אונדזערע!

אַז מע רעדט זיך פאַנאַנדער, לאָזט זיך אויס: זי גייט עס מיט דער שליכעס צו אונדזער פּאַרטיזאַנער־גרופּע. אין וועג האָט זי זיך אָנגעשטויסן אויף אַ דײַטש. זי האָט אים באַמערקט מיט עטלעכע מי־נוטן פריִער, ווי ער זי, דאָס איז געווען איר גליק, זי האָט געקענט אָנפאַלן די ערשטע. איצט פירט זי אים, זײַן רעוואָלווער ליגט בא

איר אינ קעשענע. זי האָט אים געפירט אונ איז אַלץ ניט געווענ זי־כער, צי וועט זיכ איר איינגעבנ אים ברענגענ אַפ אַנ אָרט. איצט איז זי זיכער. זי וועט ניט נאָר ברענגענ די נייטיקע יעדיִעס, נאָר א צוגאָב א דיִמש — א „צונג״.

אזוי ווי זי גייט צו אונדזער גרופּע, איז זי געווים גערעכט, ווענ זי זאָגט: די „צונג״ וואָס זיי איינערע, איז פירט זי.

מיר פירנ אים. די פּארטיזאנקע גייט לעבנ מיר.

— איר זעט, — זאָגט זי, — וואָס פּארא קרומע טריט דער דיִמש שטעלט. צי האָט ער מוירע פאַלנ, צי האָט ער מוירע שטארבנ... גיט א קוק!

נאָר אָנשטאָט קוקנ אפנ דיִמש, האָב איכ געקוקט אַפ איר. די „קרומע טריט״ האָבנ מיר דערמאָנט אָנ עפּעס א באקאנטער שטים. ווו האָב איכ זי געזענ? איכ באוויז אָבער ניט זאָגנ א וואָרט, ווי דאָס מיידל לאכט זיכ פּאנאנדער. זי לאָזט ניט אראָפּ די אויגנ פונ מיר. נאָכדעם זאָגט זי:

— איכ האָב איִיכ איצט דערקענט. דערפאר האָט איר מיכ אזוי אָנגעקוקט, ווענ איכ האָב איִיכ געזאָגט וועגנ די קרומע טריט... זיִט איר אויכ א פּארטיזאנ?

— אונ איר נעמט א „צונג״, פירט אים איינע אַליינ דורכנ פּראָסטיקנ וואלד באנאכט. ווענ עמעצער זאָגט עס מיר דעמלט אַפ די טרעפּ, וואָלט איכ געווים ניט געגלייבט.

* * *

מיינ שאָכנ האָט זיכ צוגערוקט נעענטער, מיט צוויי פינגער אָנגענומענ מיכ באַם ארבל אונ געזאָגט:

— די מילכאָמע האָט זיכ געענדיקט. די פּארטיזאנער האָבנ זיכ אומגעקערט אינ זייערע דערפער אונ שטעט. ווידער איז שאָלעם באַ אונדז, אונ שטעלט איִיכ פאָר, איינמאָל איז מיר ווידער אויסגעקומענ אראָפּלאָזנ זיכ מיט דער פּארטיזאנקע פונ הויכע פינצטערע טרעפּ. איז באָטש איכ האָב זי געפירט אונטער דער האנט, האָט זי ווידעראמאָל גע־שטעלט קרומע טריט. עמעס, דערביִי האָט זי געלאכט פונ זיכ אַליינ.

.1945

# א רײַזע אהיימ

צומ אָנדענק פונ מײַנע
ברידער מענדל אונ באָרעכ

## 1

איכ פאָר אינ מײַנ געבורטשטאָט, אינ מײַנ היימ, אינ מײַנ שטוב. איכ קער זיכ אומ צו מײַנ יוגנט. פארוואָס נאָר צו מײַנ יוגנט? צו מײַנ קינדהײַט. מיר דוכט, אז דער אײַלנדיקער צוג וועט מיכ ברענגענ צו מײַנ וויגעלע. איכ וועל זיכ אליינ אינ וויגעלע דערזענ. צי וועל איכ זיכ דערקענענ?

דורכ די פענצטער פונ מײַנ וואגאָנ קענ איכ זענ פונ ביידע זײַטנ וועג איינ אונ דעמ זעלבנ פרילינג. איכ זע עס ניט, ווײַל מײַנע אויגנ זײַנענ צוגעמאכט. איכ זע איצט ניט מער, ווי מײַנ געבורטשטאָט, איכ זע מײַנ וויגל, איכ זע זיכ אליינ. אָט ליג איכ פארוויקלט אינ ווינדעלעכ, איכ קוק פארוווּנדערט אונ נאריש ארומ זיכ. וואָס טראכט איכ דעמלט? איכ קאָנ ניט פארשטיינ, וועגנ וואָס טראכט איכ, ליגנדיק אינ וויגעלע. נאָר וועגנ וואָס טראכט איכ איצט מיט פארמאכטע אויגנ, קוקנדיק אָפ מײַנ קינדהײַט? איכ טראכט: גוט איז האָבנ א וויגעלע, ווי אנ אייגענע וועלט. גוט איז האָבנ די הענט אונ פיס, געפענטעט פונ אנ אייגענער מאמע. גוט איז זײַנ נאריש, גוט איז זיכ וווּנדערנ. איצט איז א וויגעלע מיר קליינ אונ ווינציק. קיינ מאמע איז ניטאָ. איכ וויל ניט לײַדנ, ווענ מע זאָגט, איכ בינ א נאר. אונ וואָס העלפט מיר, אויב ניט קיינ נאר? איצט וווּנדער איכ זיכ מער ניט.

איכ ליג אינ וויגעלע, איכ קוק נאריש ארומ זיכ. געוויס קוקט אָפ מיר די מאמע מיט ליכטיקע בליקנ. זי האָט שוינ אונטער מײַנ וויגעלע אזויפיל ווײַסע ציגעלעכ אויסגעלייגט, מיט אזויפיל ראָזשינ־

קעם און מאנדלען האָבן שוין די ציגעלעך געהאנדלט, אז די מאמע איז זיכער: א גאנץ לעבן וועט מיר זײַן גוט. די מאמע איז אפילע זיכער, אז מײַנע אויגן, וואָס קוקן נאַריש און פאַרוווּנדערט, זײַנען פול מיט קלוגשאַפט און כאָכמע.

אזוי טראכט די מאמע, ווען זי וויגט מײַן וויגעלע מיט איין פוס. אירע הענט זײַנען פארנומען מיט „כאיונע". אירע פינגער באַוועגן זיך פלינק, זיי גיבן גיך א שאר איבער דער טאבעק, א כאַפּ א ביסל מיט די פינגער און א לייג ארופ אפן קערטל, דאָס קערטל דרייט זיך שנעל צונויף, ווערט ארײַנגעשטופּט אין א הילזע, און טייקעף פאלט אפן טיש א פּאפּיראָס. די הענט ארבעטן פלינק, גיך. דער בארג פּאפּיראָסן אפן טיש וואקסט. די מאמע וויגט מיט איין פוס מײַן וויגל, קוקט אפ מיר מיט ליכטיקע בליקן און איז אינגאנצן זיכער: איר זון איז קלוג, מאָלע-כייִן און וועט האָבן א סאך מאזל.

זי האָט געהאט א טאָעס, די מאמע.

איך עפן מײַנע אויגן און דערזע, ווי פון ביידע אנטקעגנדיקע פענצטער פאלט דער פרילינג ארײַן אין וואגאָן. דער צוג לויפט און פירט מיך צו א שטאָט אין מײַרעוו-ווײַסרוסלאנד, ווו צוזאמען מיט מײַן וויגל זײַנען אויך געשטאנען וויגעלעך פון נאָך פערציק-פופציק טויזנט ייִדן. איצט ווייס איך, אז קיין וויגעלעך שטייען דאָרט מער ניט, אז קיין ייִדן זײַנען דאָרט ניטאָ. דער צוג פירט מיך אהין, ווײַל איך וויל נאָך וויסן: צי איז ריכטיק, אז צווישן די דרײַצן לעבן געבליבענע ייִדן געפינט זיך אויך מײַן קאלע?

2

אז די מאמע קוקט אפ מיר, האָט זי א לויכטנדיקן בליק. נאָר קען דען די מאמע אפ מיר שטענדיק קוקן? איך בין ניט קיין איינציקער בא איר. איך בין דער קלענסטער, נאָר ניט דער איינציקער און מיסטאָמע אפילע ניט דער לעצטער. עמעס, די מאמע רופט מיך מיזיניק און דאפקע דעמלט, ווען דער טאטע איז דערבײַ. דער טאטע אָבער וויל זיך ניט אָנשטויסן, ער וויל ניט פארשטיין...

איך ווייס נאָך ניט, אז די מאמע מײַנע, אויסער אירע בליקן צו מיר, האָט זי נאָך א גאנצע וועלט אין זיך. זי פארשטייט, אז דער מאן אירער, דאָס הייסט מײַן טאטע, איז א וווילער מאן און א

גוטער טאטע, נאָר קיין מאָל האָט ער נימ. און גראָד מאָל איז פאַר מײַן מאמען דאָס וויכטיקסטע. וואָרעם וואָס הייסט פאַר מײַן מאמען מאָל? כאַיונע.

א גאַנץ לעבן האָט זי עס געוואָלט זאָגן דעם טאַטן, נאָר קיין־מאָל ניט אַרויסגעבראַכט פאַר איר מויל. זי קען אים אַזאַ כאַרפּע ניט אָנטאָן. זאָגן אַ מאַנצבל, אַז ער איז ניט קיין פּאַרדינער, איז דאָס זעלבע, ווי זאָגן אַ פרוי, אַז זי איז ניט קײַן שיינע. אַדעראַבע, זאָל עמעצער זאָגן דער מאמען, אַז זי איז ניט קיין שיינע, וועט עס זי ניט פאַרדריסן? און דער איקער: פון אַזויפיל באַכערים, וואָס זײַנען אויסגעגאַנגען נאָך אירע טריט, האָט זי דאַפקע אים אויס־געקליבן צוליב זײַן מאַנצבלשער ווירדע, צוליב זײַן זעלבשטענדי־קײַט. אַלע אירע מיידלשע יאָרן האָט זי געכאָלעמט, אַז די וועלט זאָל באַוווּנדערן איר שיינקײַט און איר מאַנס ווירדע און זעלב־שטענדיקײַט, וואָס באַגלייט און באַהיט איר שיינקײַט.

נאָר די מאמע, אויב עס שווײַגט בא איר די צונג, ריידן אירע אויגן. דער טאַטע און די קינדער ווייסן שוין אַלע באַדײַטונגען פון איר בליק. און כאָטש פון די אויגן ביז דער צונג איז אַ היפּשער מעהאַלעך בא דער מאמען, כאָטש זי באַווײַזט עפּעס ענדערן און באַטראַכטן אַזוי, אַז די צונג פאַרגלעט אָפט אַ סאַך, וואָס דער בליק זאָגט, דאָך ווייסט מען, אַז ניט די צונג איז דער באַלעבאָס, נאָר דער בליק — ער זאָגט דעם עמעס.

די מאמע רעדט ווייניק, דערפאַר איז זי אָפט פאַרנומען מיט געדאַנקען.

אָט די געדאַנקען פאַרדריסן דעם טאַטן.

קנײַפּן די באַקן, אַז די פאַרב זאָל שטיין — האָט מען געוויס אויסגעטראַכט פאַר מײַן טאַטנס וועגן. וואָס דאַרף עמעצער וויסן, וואָס בא אים אין האַרצן טוט זיך. וואָס מער דעם טאַטן גייט ניט, אַלץ מער מאַכט ער דעם אָנשטעל, אַז בא אים גייט אַלץ, וואָס בעסער קען ניט גיין, און אַז עס איז ניט צו פאַרזינדיקן. ער גייט אַלעמאָל ריין אָנגעטאָן. ער איז מיט אַלעמען העפלעך און פאָדערט דאָס זעלבע צו זיך. ער זאָל נאָר באַנאַכט ניט געווען זיפצן פון שלאָף, וואָלט מען געקענט מיינען, אַז ער איז שטאַרק אַ מאַזלדי־קער. דער טאַטע פאַרשטייט דער מאמעס געדאַנקען. ער לייענט אַלץ אָפּ איר פּנים. זי טראַכט: „אַזאַ טאָעס האָבן אין אַ מענטשן".

וויפל מאָל איז בא אים געווען דער פארלאנג זאָגן: „זידל מיך, האָב טײַנעס, נאָר טראכט ניט אזוי וועגן מיר"...

דער טאטע וועט עס ניט זאָגן. ער וועט זיך מאכן ניט פאר־שטייענדיק און באנאכט נאָך מער זיפצן אין שלאָף.

א גאנצ לעבן פארשטייען זיי זיך ביידע און א גאנצ לעבן בא־האלטן זיי עס אויס, ווײַל דאָך האָבן זיי א האָפענונג, אז עפשער וועט נאָך זײַן גוט. ווען באם טאטן באווײַזט זיך א האָפענונג, בליט ער אוף, ער ווערט שענער, זײַנע אויגן קוקן אף דער מאמען. ער נעמט דעמלט אלייג ראמען די שטוב און קערן דעם דיל. קוקנדיק אף אים, נעמט אויך האָפן די מאמע. עס קען נאָך אלץ גוט זײַן. נאָר וויפל דויערט עס? א טאָג, צוויי, דרײַ. און ווידער איז אלצ ווי פריִער, ווי אמאָל, ווי געווען. קינדווײַז האָב איך באמערקט, יונגל־ווײַז פארשטאנען. איך בין עלטער געוואָרן, האָב איך עס באנומען און זיך פארטראכט.

טאטע־מאמע זײַנען דאָך שוין ניט קיין קינדער, פארוואָס נארן זיי זיך מיט האָפענונגען? פארוואָס שפּילן זיי אין א קינדער־שפּיל פון האָפן אף „בעסערע צײַטן"?

כ'האָב דעמלט ניט געוווּסט: צי דארף פארדריסן אף זיי, צי דארף מען אף זיי ראכמאָנעס האָבן.

איצט, פארדיק אינעם צוג, וואָס טראָגט זיך געשווינד אין פרי־לינג ארײַן, נעמט פארדריסן אף זיך אלייג. איך זאָג זיך: און דו? פון פופציק טויזנט יידן זײַנען געבליבן דרײַצן מענטשן, ווילסטו געפינען דײַן קאלע? צי ביסטו אלייג ניט געראָטן אין דײַן טאטע־מאמע? צי דארף מען אף דיר ראכמאָנעס האָבן, צי דארף עס פארדריסן? און צי וואָלט ניט געווען גלײַכער, ווען דו מאכסט א סאָף צו דעם פוסטן ביטאָכן, וואָס האָט אלעמאָל פארפירט, אלעמאָל אָפּגענארט...

מיר דוכט... ניין, איך בין אפילע זיכער, אז דער יונגערמאַן, וואָס זיצט אנטקעגן און וואָס זעט מיר אויס א ביסל קענטלעך, לאכט פון מיר. איך לייען עס אין זײַן בליק.

— רעכנסט טאקע צווישן דרײַצן לעבעדיק געבליבענע יידן גע־פינען א קאלע?

איך פארשעם זיך און מאך ווידער צו די אויגן.

3

ווער איז דער קענטלעכער יונגערמאנ? ער טראָגט א שינעל אונ איז אָנגעטאָנ האלב מיליטעריש. איך האָב נאָך פריִער באמערקט, אז ער שפּארט זיך אָנ אפּ א שטעקל. דער לינקער פוס איז, ווײַזט אויס, פארוווּנדעט. ער איז ברייט אינ די פּלייצעס אונ שטארק דאר אינ פּאָנעם. דאָס פּאָנעם איז פארשווארצט, ווי עס זאָל זײַנ אפּגעברענט. פונעם שווארצנ דארנ פּאָנעם קוקנ ארויס זײַנע אויגנ אָפּלאכעריש אונ, ווי מיר דוכט, צו קלוג. וועגנ אלצ, וואָס זיי זעענ אונ באקוקנ, האָבנ זיי א מיינונג, זיי שאצנ אלצ אָפּ אונ ווערנ, אפּאָנעם, פונ קיינ זאך ניט ניספּאָעל. דער יונגערמאנ שווײַגט אונ רעדט מיט קיינעם ניט. אמאָל דוכט זיך גאָר, אז ער רעדט מיט זיך אליינ, ער באוועגט מיט די שמאָלע טונקעלע ליפּנ אונ עס מאכט דעם אײַנדרוק, אז ער דערגייט זיך אליינ די יאָרנ. ער האָט ניט גאָר א שלעכטע מיינונג וועגנ דער גאנצער וועלט, ער האָט אויך א שלעכטע מיינונג וועגנ זיך אליינ.

אייגנטלעך, פארוואָס בינ איך ביז איצט מיט אים ניט באקאנט? איך טראָג אויך א שינעל, איך גיי אויך האלב־מיליטעריש געקליידט. איך בינ ניט לאנג פונ שפּיטאָל. מיר פאָרנ שוינ באלד א גאנצ טאָג אינ איינ קופּע, איינער לעבנ דעם אנדערנ אונ גאָרניט. וואָס מער איך קוק אפּ אימ — אלצ מער זעט ער מיר אויס קענטלעך.

איך האָב מיט אים פארפירט א שמועס. אונ עס לאָזט זיך אויס, אז כאָטש יידנ איז אפּ דער ערד געוואָרנ מיט זעקס מיליאָנ ווייניקער, דאָך גילט דער אלטער כלל: צוויי יידנ, אז זיי באגעגענענ זיך אינ וועג, באקענענ זיך, ריידנ זיך פאנאנדער, לאָזט זיך אויס — זיי זײַנענ פונ איינ שטאָט, קימאט פונ איינ גאס, אונ אויב זיי זײַנענ ניט קיינ פרײַנט, זײַנענ זיי אָדער באקאנטע אָדער האָבנ געמיינזאמע באקאנטע.

ניינ, קיינ פרײַנט זײַנענ מיר ניט. מיר זײַנענ, עמעס, פונ איינ שטאָט אינ מיזרעך־ווײַסרוסלאנד אונ קימאט פונ איינ גאס. מיר זײַנענ באקאנט, אים רופט מענ רוווּנ, מיך — וועלוול. מיר דערמאָנענ זיך פארגאנגענע טעג, מיר האָבנ זיך וועגנ וואָס צו דערמאָנענ. וואָרעמ מיר ביידע, לאָזט זיך אויס, ווייסנ, אז באָכערווײַז איז זײַנ טאטע געווענ שטארק פארליבט אינ מײַנ מאמענ. איך ווייס,

אז עס האָט געפעלט זייער ווינציק, מײַנ מאמע זאָל כאסענע האָבנ מיט זײַנ טאַטנ. זײַנ טאַטע, ווידער, שוינ נאָכדעמ, ווי ער האָט כאַ־סענע געהאַט, האָט ער נאָכ אַלצ ליב געהאַט מײַנ מאמענ, פלעגט זי כאָטש פונדערווײַטנ וועלנ זענ אונ באַגעגענענ. אונ מײַנ מאמע, ווענ איר פלעגט שטאַרק שלעכט זײַנ, פלעגט זי זיכ אויכ דערמאָנענ, אז זי האָט געקאָנט פאַר אימ כאסענע האָבנ.

ניט איינ מאָל האָבנ זיכ אונדזערע טאַטעס באַגעגנט אינ גאַס, זיכ אָפּגעגעבנ „שאָלעמ" אונ פאַרפירט א שמועס. אָט זע איכ זיי ביידנ. מײַנ טאַטע: א געניטער הויכער מיט א בלאָנד געשאָרנ בערדל, מיט א פּאָנעמ, וואָס זעט אויס זייער רויִק, מע קענ לויט דעמ גאָרנישט דערקענענ, וואָס דער טאַטע טראַכט אונ וואָס ער פילט. ס'איז ריכ־טיק, וואָס שכיינימ זאָגנ וועגנ מײַנ טאַטנס פּאָנעמ — ס'איז ווי א זייגער אָנ ווײַזערס. דער מעכאַניזמ אַרבעט, די רעדלעכ דרייענ זיכ, מע הערט דעמ טיק-טאַק, נאָר מע קענ קיינמאָל ניט וויסנ, ווי האַלט עס מיט דער צײַט. רוװנס טאַטע איז עטוואָס נידעריקער פונ מײַנ טאַטנ, ער איז דערפאַר ברייטער אונ געזעצטער. זײַנ פּאָנעמ קאָנ גאָרניט, גאָרניט אויסבאַהאַלטנ. ער אַליינ קענ רויִק ניט אײַנשטיינ, אונ אויכ יעדער קנייטש, יעדער שטריכ פונ זײַנ פּאָנעמ רוט ניט, האַלט זיכ שטענדיק אינ באַוועגנ, רעאַגירט, פרייט זיכ אָדער טרויערט. אז זיי באַגעגענענ זיכ, איז מײַנ טאַטנס בלאַס מאַט פּאָנעמ שטאַרק גלײַכגילטיק, זײַנ האַנט, וואָס ער דערלאַנגט, איז, אַזוי דוכט מיר, א קאַלטע. זײַנע אויגנ קוקנ אַרײַנ טיפ אינ יענעמס אויגנ, נאָר אַליינ זאָגנ זיי גאָרניט. רוװנס טאַטע רויטלט זיכ, ער נעמט זיכ אַפילע פאַרהיקענ, זײַנע אויגנ זײַנענ אומרויִק. מײַנ טאַטע קענ א ווײַלע שטיינ אונ שווײַגנ. רוװנס טאַטע מוז גלײַכ אָנהייבנ ריידנ.

— יאַנקעוו (מײַנ טאַטנס נאָמענ), פאַרוואָס זעט מענ דיכ זעלטנ? ווי לעבט זיכ?

— גוט. אונ פאַרוואָס זעט מענ דיכ ניט, יִסרָאָעל? ווי לעבט זיכ דיר?

— גוט. יאַנקעוו, שכיינימ זײַנענ מיר. באַווײַרימ געוועזנ. פאַר־וואָס אייגנטלעכ... עפּשער דאַרפסטו א גמילאָס-כעסעד? אַלטע באַ־קאַנטע.

— נייִנ, נייִנ! א דאנק, ייִסראָעל, כ'האָב אלייִנ גענוג.
נאָכדעמ האָט מענ ניט מער וועגנ וואָס צו רייִדנ.

אונ אז בא אונדז איִנ שטוב זייַנענ מיטאמאָל צוויי קינדער שטארק קראנק געוואָרנ, האָט רוונס טאטע, ייִסראָעל, אָפּגעווארט מייַנ טאטנ אונ געזאָגט:

— יאנקעוו, אנטלייַ בא מיר געלט. ראטעווע די קינדער...

מייַנ טאטע האָט גאָרניט געענטפערט אונ איז אוועק ווייַטער. דעמ טאטנס פּאָנעמ איז אויפגערעגט אונ באדעקט מיט רויטע פּליאמעס. ער האָט פארגעסנ, אז איצט איז ניט נאכט, אז יער שלאָפט ניט, ער האָט אינמיטנ העלנ טאָג, אינמיטנ דער גאס א זיפצ געטאָנ. איִנ שטוב בא אונדז איז ניט געווענ מיט וואָס צו ראַ־טעווענ די קינדער. דער טאטע איז געגאנגענ בא עמעצנ לייַענ געלט. בא ייִסראָעלנ קאָנ ער דענ לייַענ? ייִסראָעל לייַט דענ אימ? ייִסראָעל לייַט עס דווירענ (מייַנ מאמענ), וועלכע ער האָט נאָכ ביז הייַנט ליב. דער טאטע ווייסט עס.

דעמ זעלבנ טאָג איז צו אונדז איִנ שטוב, דאָס איינציקע מאָל איִנ זייַנ לעבנ, ארייַנ רוונ. ער איז נאָכ געווענ א ייִנגל, זייַנ פּאָנעמ איז דעמלט געווענ העל, זייַנע אויגנ האָבנ זייער גיכ אלצ באמערקט. ער איז ארייַנגעקומענ, ווענ דער טאטע איז ניט געווענ, ער איז צו־געגאנגענ צו מייַנ מאמענ, איר א שטופּ געטאָנ עפּעס איִנ האנט, א זאָג געטאָנ „דער טאטע" — אונ איז באלד ניט געוואָרנ.

די מאמע האָט דערזענ איִנ איר האנט געלט, א סאכ געלט.

די מאמע האָט זיכ דערשראָקנ. עס האָט זי גענומענ ווארפנ איִנ היצ אונ איִנ קעלט. „דער טאטע" — דאָס איז ייִסראָעל. אָט דער, וואָס איז איר באָכערוויִז פּוסטראָט נאָכגעגאנגענ אונ געווענ איבערגליקלעכ פונ אירנ א שמייכל. זי ווייסט, ער האָט זי נאָכ איצט אויכ ליב. ער וויל איר העלפנ, ער וויל ראטעווענ אירע קינדער. זי קענ אָבער ניט נעמענ קייִנ געלט, וואָס א פרעמדער מאנצבל וועט ארייַנשיקנ. א פרעמדער מאנצבל, וואָס האָט זי אמאָל ליב געהאט אונ... אונ האָט זי עפּשער איצט אויכ ליב. זי וועט אָפּגעבנ צוריק. גע־וויס! ווו איז דאָס ייִנגל, רוונ ווו איז? קינדער, רופט רוונענ, ברענגט אימ אהער! טייקעפּ, באלד!

רוונענ האָבנ מיר ניט געפונענ.

— רופט דעם דאָקטער, — האָט זי געזאָגט, — אויב די קינ־דער איז באַשערט לעבן, איז זייער מאַזל.

די קינדער איז, אַפּאָנעם, געווען באַשערט לעבן. זיי זײַנען גע־זונט געוואָרן. די מאַמע האָט זיי געשטעלט אויף די פֿיס. מיט יעדן טאָג, וואָס די קינדער האָבן זיך געפֿילט בעסער, האָט איר פּאָנעם אַלץ מער גליק אַרויסגעשטראַלט, און יעדן מאָל, וואָס דער טאַטע פֿלעגט אויף איר אַ קוק טאָן, פֿלעגט זי ווערן פֿינצטער ווי די נאַכט.

דעם טאַטן האָט זי גאָרניט דערציילט. ווי קען זי אַזוינס דעם טאַטן דערציילן?

דער טאַטע האָט גענומען אָפּטער זיפֿצן, אַפּילו באַטאָג.

די קינדער זײַנען אינגאַנצן געזונט געוואָרן. ס'איז געווען ערעוו פּייסעך. דער פּייסעך איז שוין אין שטוב געווען. דער טאַטע נאָר איז ניט געווען קיין יאָמטעוודיקער. ער האָט אויף קיינעם ניט גע־קוקט און זיך אַפּילו געענדערט אין אויסזען, אַ געלקייט האָט זיך באַוויזן אויף זײַן פּאָנעם.

ער האָט זיך געווים אָנגעשטויסן, נאָר גאָרניט געזאָגט.

דאַמע ערעוו יאָמטעוו, דאַמע ערעוו פּייסעך, מע האָט זיך שוין גענומען גרייטן גיין אין שול אַרײַן, האָט ער, אַפּאָנעם, באַשלאָסן ווערן פֿריילעך. ניבער עפּעס צוליב דעם, אַז מע זאָל זיך ניט אָנ־שטויסן, וואָס ער לעבט איבער. און עפּעס נאָך צוליב דעם, וואָס אויף הײַנטיקן פּייסעך איז דער טאַטע געבליבן מיט זייער אַן אויס־געריבן רעקל. פֿון אַלטקייט און פֿון אָפֿט פּוצן און רייניקן איז דער אייבערשלאַק געוואָרן שיטער און דורכזיכטיק. אין אַזאַ רעקל דאַרף זיך דער טאַטע באַווײַזן יאָמטעוו צווישן מענטשן. ער איז געווען פֿריילעך, קעדיי קיינער זאָל ניט פֿאַרשטיין, אַז ער שטויסט זיך עפּעס אָן. אויף טרייסטן זיך און טרייסטן די שטוביקע האָט ער זיך גענומען מאַכן לוסטיק. גערעדט וועגן פּייסעך און פֿרילינג, וועגן קניידלעך און אַרבע־קויסעס. די מאַמע האָט אים גענומען אונטער־מונטערן. עס האָט גענומען דוכטן, אַז אין שטוב באַווײַזט זיך אויף אַ טאָג דרײַ אַ האָפֿענונג, אַז ווידער נעמט מען גלייבן אין מאַזל און גליק, וואָס וועט געווים קומען. אין אַזאַ שאָ, ווען אַ האָפֿענונג האָט זיך באַוויזן, ווען דער טאַטע איז געווען פֿריילעך, האָט די

מאמע זיכ באשלאָסנ. זי זוכט שוינ לאַנג א פּאסיקע געלעגנהײט. זי האָט פארנ טאטנ א מאטאָנע.

— יאָ, — זאָגט די מאמע, — קלײַבסט זיכ אינ שול, איז טו אָנ א נײַ רעקל.

דער טאטע האָט ניט פארשטאַנענ, וואָס מיינט זי אונ וואָס זאָגט זי — אָנטאָנ א נײַ רעקל?

— יאָ, מײַנ מאנ, א נײַ רעקל. מיינסט טאקע, אז דײַנ ווײַב האָט דיכ שוינ אופגעהערט ליב האָבנ?

זי האָט אימ דערלאַנגט, עמעס ניט קיינ נײַ, נאָר א גאנצ אונ שיינ רעקל.

געווימ האָט דער טאטע אינ דער שאָ פונ זײַנ טויט ניט אויס־געזענ אזוי שרעקלעכ, ווי אינ יענער מינוט. שוינ דאָס אליינ, וואָס ניט ער קויפט דער מאמענ מאטאָנעס, נאָר די מאמע אימ; שוינ דאָס אליינ, וואָס אלע ווייסנ געווימ, אז ער איז א שלימאזל, ניט קיינ פארדינער, קענ ניט אויסהאלטנ קיינ מישפּאָכע אונ מאכט נאָר א נארישנ אָנשטעל; שוינ דאָס אליינ, וואָס בא אימ רײַסט זיכ אפילע באטאָג ארויס א זיפצ, אונ די קינדער פארשטייענ, ווי שווער אונ שלעכט ס'איז זייער טאטנ, — שוינ דאָס אליינ איז גענוג, נעמט נאָכ די מאמע אונ דערלאַנגט אימ א מאטאָנע א רעקל, וואָס עמעצער האָט אוואדע פונ־זײַנעטוועגנ געקויפט, גע־קויפט אויס ראכמאָנעס. אונ דער טאטע שטויסט זיכ אָנ ווער... זײַנע קינדער האָט מענ אפ די פּיס געשטעלט, אינ שטוב דעמ יאָמ־טעוו ארײַנגעטראָגנ, אימ א מאטאָנע געקויפט. דער טאטע קאָנ מער ניט אײַנשטיינ, אימ ברעכנ אלע ביינער. ער איז געל, די געמבע טרייסלט זיכ. אלע זײַנע קויכעס קלײַבט ער צונויפ, אז בא אימ זאָל זיכ קיינ געשריי, קיינ געוויינ ניט ארויסרײַסנ. די אויגנ זײַנענ אָבער סײַווי פײַכט. ער שטארקט זיכ, ער וויל זיכ ניט אונטער־געבנ, ער וויל אראָפּשלינגענ דעמ שווערנ אונ ביטערנ ווייטעק.

אָט־אָט וועט דער טאטע זיכ פאנאנדערוויינענ. צי דענ וועט דעמ טאטנ ניט קלעקנ קיינ קויכעס אפ זיכ אײַנהאלטנ?

די מאמע איז געבליבנ שטיינ מיט אָנ אָפנ מויל. וואָס האָט זי מער דערשראָקנ, וואָס האָט זי מער איבערראשט? צי דאָס, וואָס דער מאנ אירער וויל וויינענ, צי דאָס, וואָס זי האָט גענומענ נעלט אָנ דעמ מאנס וויסנ, גענומענ בא א פרעמדנ מענטשנ, בא א

מענטשן, וואָס האָט זי אַמאָל ליב געהאַט, וואָס האָט זי איצט אויך ליב... פון שרעק פאַרמאַכט זי דאָס מויל.

די מאַמע ווערט ווי פאַרגליווערט. אַז דער גליווער לאָזט זי אָפּ, איז זי גרייט שינדן פון זיך זיבן הויטן, אַרײַן זיבן איילן אין דער ערד. זי האָט זיך דערפילט ניט ריין און שטאַרק אומגערעכט. זי האָט באַליידיקט, פאַרשעמט דעם טאַטן. איצט איז איר מיט איין מאָל אַלץ קלאָר געוואָרן. איר לעבן איז געענדיקט, אַ לעבן אָן האָפענונג, הײַנט איז אַלץ פאַרשפּילט.

זי האָט דאַפקע געוואָלט וויינען און ניט געקענט.

דערפאַר וויינען די קינדער, זיי וויינען ביטער, ביז פאַרגיין זיך:

— טאַטע, טאַטע, ניט וויין!

פון יענעם יאָמטעוו אָן האָט דער טאַטע געזיפצט און גע־קרעכצט באַטאָג. זײַן פּאָנעם איז געוואָרן געלער, די האָר גרויער. פון יענעם יאָמטעוו אָן איז דער מיזיניק שוין פאַרבליבן אָפּ שטענ־דיק אַ מיזיניק.

איצט פרעגט מיך רוווען:

— די מאַמע לעבט?

— ניין, אומגעקומען.

— דער טאַטע?

— אויך. און דײַנע עלטערן? — פרעג איך.

— אויך.

דוכט זיך — דאָס וויכטיקסטע, וואָס עס דאַרפן זיך פרעגן צוויי ייִדן, ווען זיי באַגעגענען זיך. צו אַזוינע ענטפערן זײַנען מיר ביידע צוגעוווינט. מיר שווײַגן אַ ווײַלע.

רוווען זאָגט:

— דײַן מאַמע...

איך דערפיל, אַז ווען מײַן מאַמען וויל ער זאָגן עפּעס ניט גאָר־גוטס. איך גיב אַ דריי אויס דעם קאָפּ און שטעל אָפּ אים אָן אַ פּאָר אויגן, וואָס דריקן אויס מער גרייטקײַט זיך שלאָגן, ווי הערן.

— וואָס מײַן מאַמע?

— דײַן מאַמע איז מיר לאַנג, לאַנג פון קאָפּ ניט אַרויס. איין מאָל נאָר בין איך בא אײַך אין שטוב געווען. דער טאַטע האָט מיך געשיקט. איך האָב דעמלט מיטאַמאָל אַלץ פאַרשטאַנען.

— אלץ?

— וועלוול, צי פארשטייסטו, וואָס הייסט, ווען דו דערוויסט זיך, אַז דײַן טאַטע האָט ליב אַ פרעמדע מאַמע. איך האָב פאַרשטאַנען, פאַרוואָס דער טאַטע קרעכצט אַזוי באַנאַכט. איך האָב פאַרשטאַנען, פאַרוואָס דער טאַטע קוקט ניט אָפּ מײַן מאַמען. איך ווייס דען ניט, אַז דײַן מאַמע איז ניט שולדיק, נאָר איך בין איר געווען אַ סוינע. און דיך האָב איך דען ניט פײַנט געהאַט? און זיך האָב איך דען ניט פײַנט געהאַט? אָפּ מײַן טאַטן האָב איך ראַכמאָנעס געהאַט. אין קאַעס בין איך געווען אָפּ מײַן מאַמען. איך האָב באַשלאָסן דעמלט קיינמאָל אין מײַן לעבן ניט כאַסענע האָבן. איך האָב גע־שוואָרן. און שוין נאָכדעם, ווען איך בין געוואָרן עלטער, ווען איך בין פון שטוב אַוועק, פלעגט טרעפן, אַז איך כאַפּ זיך אויף באַנאַכט און מיר דוכט, איך הער — דער טאַטע קרעכצט. ווי ייִנגל־ווײַז, פלעגט מיך באַגיסן אַ קאַלטער שווייס. מיר פלעגט דוכטן, אַז אין שלאָף זעט מײַן טאַטע דײַן מאַמען און דערייבער קרעכצט ער. און דאָך האָב איך אַ קאַלע געהאַט און אַ ליבע געפירט...

רוּוען איז אַנשוויגן געוואָרן. זײַנע אויגן האָבן איצט מער ניט אָפּגעלאַכט, ניט באַשולדיקט קיינעם. דערנאָך האָט ער ווידער אָנ־געהויבן, נאָר שטיל און אַפילע טרויעריק.

— געווען אַ לעבן. טאַטעס זײַנען געווען, מאַמעס. — פּלוצ־לינג האָט ער געהעכערט די שטים. — וווּהין פאָרסטו?

— אַהין...

— אַהין... אַהיים הייסט עס.

— אַהיים.

זײַן בליק ווערט אָנגעצונדן און ווערט ווידער אָפּלאַכעריש. ווי־דער האָט ער אַ שלעכטע מיינונג וועגן דער וועלט, וועגן מיר, וועגן זיך...

— דײַן היים איז אַ בעסאַלמען. צי קלײַבסטו זיך ניט דאָרט עמעצן טרעפן? צי האָפסטו ניט אָנהייבן אַ לעבן אָפּסנײַ? ייִדן האָבן אַ קורצן זיקאָרן. מע פאַרגעסט שוין הײַנט, וואָס נעכטן איז געווען. — ער ווערט אַלץ אויפגערעגטער, זײַן פּאָנעם ווערט שוואַר־צער און דאַרער, זײַנע טונקעלע ליפּן קרימען זיך אויס, ער ציטערט אַזש מיטן גאַנצן קערפּער. — אַהין... אַהיים... אַ בעסאַלמען! גע־נוג! רייד מער ניט! רייד ניט! — ער האָט געשריִען צו מיר, איך

זאָל ניט ריידן, כאָטש גערעדט האָט ער אַליין, און איך האָב גע־שוויגן.

עס איז געוואָרן פינקעלער און קילער. צי האָט זיך די זון ניט דערשראָקן פאַר רוונס קאָעס? זי האָט גענומען גיך צעשווינקט ווערן, ענדערן איר אויסזען: אָט אַ פּײַערדיקער באַרג, וואָס פּאַלט, אַ שיף, וואָס טרינקט זיך, און אָט גאָר אַ מענטש אָן אַ קאָפּ באַ־גלייט אונדזער צוג. דער צוג אײַלט אין דער נאַכט אַרײַן. פון דעם אַנטקעגנדיקן פענצטער זעט מען, ווי די נאַכט ציט אויס אירע פאָר־דערשטע טונקעלע לאַפּעס און וועט באַלד אַ שפּרונג טאָן פון וואַלד אַרויס, פאַרדעקן די ערד און פאַרשלינגען די לעצטע ראַזלעכע סי־מאָנים פון טאָג.

ס׳קומט אָן דער אָוונט, און צוזאַמען מיט אים דער אומעט.

אָט דער אומעט, פאַר וועלכן איך האָב מוירע, וועלכער רופט אַרויס אַ בענקעניש נאָך אַ היים, נאָך אַ נאָענטן מענטשן, וואָס זאָל דיך פאַרשטיין. אַן אומעט, וועגן די גאַנצע בענקעניש פון אָדאָם־האָרישן ביז הײַנטיקן טאָג קריכט אַרײַן אין דיר איינעם. עס ווילט זיך שטיל, שטיל, פאַר זיך אַליין זיך אויסוויינען... צוזאַמען מיט דער פינצטערניש פאַלן צו צום פענצטער אויך באַקאַנטע געזיכטער, וואָס זײַנען אַזוי נאָענט און וואָס שרעקן אַזוי. עס קוקט אַרײַן דער זיידע, וואָס פלעגט מיך אַלעמאָל איבערן קאָפּ גלעטן, דער טאַטע אין זײַנע טעג פון האָפענונג, מײַן שוועסטער אין אירע קאַלע־קליי־דער, עס קומען מומעס און פעטערס, גאַנצע נאַסן קוקן אַרײַן אין שויב. זיי קומען מיך דערמאָנען, אַז איך זאָל אָן זיי ניט פאַרגעסן. גאַנצע דוירעס קוקן אָן מיר, דעם איינציקן לעבן געבליבענעם, דעם איינציקן יוירעש פון הונדערטער יאָרן לעבן. מיט מיר קענען זיך ענדיקן אַלע כאַלוימעס, מיט מיר קענען זיך אָנהייבן אַלע האָפענונ־גען. מיר דוכט, אַז זיי שרײַען צוזאַמען מיטן רויש פון די רעדער: ביסט דער איינציק לעבן געבליבענער, דער איינציק לעבן געבליבע־נער... זיי וועלן ניט אָפּטרעטן, ביז זיי וועלן ניט וויסן: איך בין ל ע ב ן, צי גאָר אַ סימען, אַן אָנדענק, אַז אַמאָל איז געווען אַ לעבן...

דער אומעט גייט אַריבער אין שרעק. דער אומרו — אין ציטער. איך מוז מיט עמעצן ריידן, עפּעס פרעגן אָדער בעטן. עפּשער וועט עמעצער טרייסטן, עפּשער אַ גוט וואָרט זאָגן.

רוונס, ווי ער איז פריער געבליבן שטיין מיטן שטעקל אין דער

האנט, אזוי שטייט ער נאָך אלץ קעגן פענצטער. ער קוקט ארויס דורכן שויב, נאָר זעט ׳ געווים גאָרניט. עס ווייזט נאָר אויס, אז ער קוקט ערגעץ, אינדערעמעטן ליגט ער גאָר אפן דעק פון זיין אייגע־נער נעשאָמע, ער איז אין זיך אליין.

— רוווּן, — זאָג איך.

— רוווּן, — ענטפערט ער. — רוווּן, — און כאזערט ווידער איבער ווי פאר זיך: — רוווּן, רוווּן...

— און דו וווהין? — פרעג איך.

— וווּהין? אהין!

— אהיים?

— אהיים!

ערשט אין עטלעכע ווײַלעס ארום דערגייען צו רוווענען זײַנע אייגענע ווערטער. ער קערט זיך אויס צו מיר און נעמט זיך פאר־ענטפערן:

— איך לאָז זיך פארפירן פון דער לעצטער האָפענונג. דרײַצן מענטשן זײַנען געבליבן, דרײַצן מענטשן לעבן. עפשער, וועלוול, עפשער... עפשער מײַן קאלע אויך...

איך פיל, מאמעש אָנצוטאפּן מיט די פינגער, אז מיט זײַן גאנצן וועזן בעט ער בא מיר, איך זאָל אים אנטשולדיקן פאר זײַן לײַכט־זין, פאר זײַן נארישן האָפן. ער בעט, איך זאָל ניט דערווידערן און ניט אוועקטרײַבן זײַן גוטן כאָלעם.

איך גיב אים נאָך.

**4**

מיר פארן צוזאמען אהיים — רוווּן און וועלוול. מיר פילן זיך ווי לאנגיאָריקע כאווירים. מיר וועלן צוזאמען אָנקומען און עפשער אונטער איין דאך לעבן.

מײַן באנק איז די אייבערשטע, זײַנע — די אונטערשטע. מיר ליגן אף אונדזערע ערטער, און ביידע זײַנען מיר פארנומען מיט אונדזער יוגנט. און כאָטש יעדערער טראכט און טרוימט פאר זיך, איז אונדזערביידנס דערמאָנונג געווענדט צו איין גאס, צו איין שטוב, צו צוויי פענצטער פון דער שטוב, וואָס קוקן ארויס אין צוויי בא־זונדערע שמאָלע געסלעך. אין איין פענצטער קוק איך, אין דעם צווייטן — ער.

### וואָס זע איך אין מײַן פענצטער?

א היפשן צימער, ענג פארשטעלט מיט שטוב־כפייצים. אנטקעגן פענצטער בא דער וואנט א גרויסן שפיגל. באם שפיגל שטייט א מיידל. איך זע איר פּאָנעם אין שפיגל. איך זע איר פּלייצע דורכן פענצטער. איינציטיק איר פּאָנעם און איר פּלייצע האָב איך נאָך קיינמאָל ניט געזען. און דעריבער דוכט מיר, אז ניט נאָר אירע אויגן קוקן ווי שטענדיק פארוואונדערט־פרייליך, ווי זיי וואָלטן האלטן אין איין אנטדעקן אָנגענעמס און טשיקאווס, נאָר איר מיידלשע אומרויִקע פיגור איז אויך פול מיט פרײַנטלעכער פארוואונדערונג. איך זע אין שפיגל, אז זי אליין געפעלט זיך און איז פון דעם צו־פרידן. נאָר אָט, אפּאָנעם, דערזעט זי אין שפיגל א באקאנטן קאָפּ אין פענצטער. זי וויל זיך מאכן ניט וויסנדיק, נאָר זי האלט ניט אויס, זי קערט זיך אום א לאכנדיקע און שפרינגט צו צום פענצ־טער. אונדז טיילט אָפּ א שויב. מיר זײַנען צום גלאָז צוגעפאלן מיט די ליפּן. איך שטיי אין געסל, און מיר דוכט, אז איך פלי, איך שוועב, ארומנעמענדיק מיט די הענט די גאנצע וועלט. עס ארט מיך ניט, וואָס עס גייען פארביי מענטשן, עס קימערט מיך ניט, וואָס זיי וועלן טראכטן וועגן א באָכערל, וואָס שטייט לעבן א פרעמדן פענצטער. זיי קענען טראכטן: א גאנעוו, זיי קענען מיינען: א דור־לער. זיי וועלן זיך עפּשער אָנשטויסן, אז א פארליבטער. אלצייגנס... זאָלן זיי טראכטן, וואָס זיי ווילן. נאָכדעם באווײַזט זיך לייע אליין אין געסל. מיר כאפּן זיך פאר די הענט און אײַלן אין זומערדיקן אָוונט דורך גאסן און געסלעך צו די סעדער. מיר ריידן קיין וואָרט ניט, מיר קוקן ניט איינע־אפּן אנדערן, מיר האלטן זיך נאָר פעסט פאר די הענט און פליִען. אז מיר קומען אָן, שטעלן מיר זיך ביידע מיטאמאָל אָפּ און נעמען זיך ארום.

אָפּט, אָפּט פלעג איך קומען צום פענצטער. צו איר פענצטער. ניין, ס'איז מײַן פענצטער. און וועמענס פענצטער איז עס איצט?

מײַן כאווער רוווּן אפּ דער אונטערשטער באנק שטייט נאָך איצט בא דער שויב. לויט זײַן פּאָנעם זע איך, אז ער האָט זײַן גאנצן קאָפּ צוגעדריקט צום גלאָז. ער האָט זי דערזען... זײַן פּאָנעם זאָגט עס, זײַנע אויגן דערציילן עס, ער האָט דערזען ראָכלען. זײַן פאנ־טאזיע טראָגט זיך, מיסטאמע, לאנגזאמער. איך האָב שוין געזען א סאך ווײַטער, און ער האלט נאָך באם אָנהייב...

איך וויל אים ניט שטערן. נאָר פאַרוואָס האָט זיך רוווען אופגעשטעלט, ער האָט אפילע פאַרגעסן נעמען דעם שטעקן אין דער האַנט. ער וויל עפּעס פרעגן.

— שימען, געדענקסט עפּשער. וווּ איז בא ראָכלען געווען דאָס כיינ־פינטעלע, אָפּ דער רעכטער באַק צי אָפּ דער לינקער?

— דאָס כיינ־פינטעלע, רוווען, דאָס כיינ־פינטעלע איז געווען אין פענצטער.

**5**

מיר זײַנען אָנגעקומען אַהיים — רוווען און וועלוול.

מיר שטײַען ארוים פון וואַגאָן און דערקענען נישט ניט דעם וואָקזאַל, ניט די שטאָט, ניט די גאַסן.

היימשטאָט!

אין מײַן בלוט, אין מײַן לײַב און לעבן האָב איך אײַנגעזאַפּט די ליבע צו דיר. וואָס ווײַטער פון דער היים, אַלץ שענער האָסטו זיך מיר געכאָלעמט. די זון אָפּ דײַנע געסלעך איז געווען גאָלדענער ווי אומעטום, דאָס וואַסער אין דײַן טײַך פרישער און ווייכער ווי אין אַלע טײַכן און יאַמען. דײַנע קוואַלן און קרענעצעס האָבן געווישט מיט געזאַנג פון מײַן יוגנט. דער שטויב פון דײַנע גאַסן איז געווען אָנגענעם, דער רויך פון דײַנע קוימענס איז געווען ליב. דײַנע סעדער און גערטנער — אײַנגעבאַקן אין האַרצן. דײַנע מיידלעך — די שענסטע, דײַנע אײַנוווינער — די בעסטע. מײַן היים, מײַן היימשטאָט. ביסט מיר ליב געווען, ווי די ערשטע ליבע.

איצט שטיי איך אָפּ דײַנע גאַסן, ווי אַן אָוול, ווי אַן אָפּגעמישפּעטער, ווי א מענטש, וואָס קומט אָפּ א כאַסענע און טרעפט א לעווײַע.

דײַנע גאַסן זײַנען כאָרעוו, דײַנע הײַזער צעבראָכן, דײַנע שויבן צעזעצט. אין די סעדער דײַנע איז ניטאָ קיין גרינס און קיין שאָטן. פניאָקעס, אָפּגעבראָכענע פּניאָקעס סטאַרטשען פון דײַן ערד, ווי פאַרשניטענע יאָרן. דײַנע קוימענס שטייען פאַרלאָזטע, אָן רויך. דײַן בעסאַלמען איז געבליבן אָן מאַצייוועס. דײַן אייביקע רו איז צעאַקערט, דײַנע טויטע אפילע לעבן מער ניט.

איך מיט רוווענען גייען איבער די גאַסן פון אונדזער היימשטאָט. אין שינעלן, מיט קלומקעס אָפּ די פּלייצעס. רוווען מיט א שטעקל. מיר זעען איצט אויס ווי וואַנדערער, וואָס געפינען, פאַרלירן און זוכן ווידער.

מיר קומענ צו א באקאנטער גאס. מיר זוכנ די שטוב, וואָס איר־ע פענצטער גייענ ארויס אינ צוויי באזונדערע שמאָלע געסלעכ. די גאס איז כאָרעוו. די שטוב, די צווייגאָרנדיקע שטוב מיט די דאכלקעס, איז פארבליבנ. קימאט דאָס איינציקע גאנצ געבליבענע הויז אפ דער גאס. מיר דוכט, איכ גיי אפ די שפיצ פינגער. דער אָטעמ פארכאפט. ארומ איז שטיל, אויסגעשטאָרבנ. מיר זײַנענ פארכאפט פונ שטילקײַט אונ פונ דערווארטונג. וואָס וועלנ מיר זענ אונ וועמענ באגעגענענ?

בא דעמ הויז בלײַבנ מיר שטיינ. איכ האָב מוירע אופהייבנ די אויגנ, איכ שרעק זיכ ארײַנקוקנ אינ מײַנ פענצטער. איכ שטיי אונ שאָקל זיכ, ווי דער ווינט וואָלט מיכ געבויגנ. איכ וויל זיכ עפּעס דערמאָנענ, נאָר גאָרנים, גאָרנים קומט אפנ זינענ.

איכ קוק ארײַנ אינ פענצטער. א פוסטע שטוב, א פארשטויבטע, א פארשמוצטע. אפ דער אנטקעגנדיקער וואנט — א סימענ פונ א שפיגל, וואָס איז דאָ אמאָל געשטאנענ. איכ רוק ארײַנ דעמ קאָפּ אינ פענצטער אונ וויל זענ — עפשער איז פארבליבנ א סימענ פונ מײַנ ליבע, פונ מײַנ יוגנט. איכ זע נאָר שפינוועבס אינ די ווינקלענ. א פיסל פונ א שטול אינ שטויב. א פאָר טשוועקעס אינ די ווענט. איכ מאכ ווידער צו די אויגנ. ווידער שאָקל איכ זיכ, ווי דער ווינט וואָלט מיכ געבויגנ, אונ ווידער קומט מיר גאָרנים אפנ זינענ. איכ בינ הויל, איכ בינ בלינד.

איכ עפנ די אויגנ אונ ווער איבעראשט. אינ פענצטער איז געבליבנ א ווינקל שויב. צי איז עס ניט יענצ שטיקל גלאָז, צו וועלכנ מיר האָבנ אונדזערע ליפּנ צוגעלייגט. דער זיקאָרנ גיט מיטאמאָל א שפרונג אונ נעמט אויסשפינענ אפנ גלאָז אזויפיל דערינערונגענ. איכ קענ מער רויק ניט אײַנשטיינ. פונ מײַנ היימ, פונ מײַנ שטאָט, פונ מײַנ מישפּאָכע, פונ מײַנ ליבע אונ יוגנט איז געבליבנ גאנצ נאָר איינ שטיקל גלאָז אינ א ווינקל ראמ.

אונ ווידער פאל איכ צו דעמ צו מיט מײַנע ליפּנ.

נאָכ לאנג ארומגיינ אונ זוכנ דערזעענ מיר א ייִדנ.

דער ייִד שטעלט זיכ אָפּ. אונ מיר שטעלנ זיכ אָפּ.

דער ייִד קוקט אפ אונדז אונ וווּנדערט זיכ. מיר קוקנ אפ אימ אונ וווּנדערנ זיכ אויכ. מיר פרעגנ ניט, צי איז ער א ייִד. אפ זײַנ פּאָנעמ ליגט דער שאָטנ פונ דײַטשישנ געטאָ. ער אונדז גיט יאָ א פרעג:

— ייִדנ?

— ייִדנ.

— טאקע יידנ! שאָלעמ-אַליכעמ. גערנ צו זענ א ייִדיש פּאָנעמ. צוויי ייִדנ צוגעקומענ. ווו האָט איר זיכ אָפּגעשטעלט? צי האָט איר וווּ צו נעכטיקנ? צי זײַט איר ניט הונגעריק? קומט מיט מיר, איכ וועל אײַכ פירנ צו ייִדנ.

— א סאכ ייִדנ?

— אינ א שטאָט פונ פופציק טויזנט זײַנענ מיר צוזאמענ מיט אײַכ פופצנ.

מײַנ כאווער רוּווּנ, אז ער האָט שוינ געכאפּט א ייִדנ, וויל ער יויסנ:

— אונ אלע דרײַצנ קענט איר?

— גשווים. איכ ווייס מײַנ גאנצ פאָלק.

מײַנ כאווער רוּווּנ וויל נאָכ וויסנ:

— אונ פרויענ זײַנענ אויכ פאראנ?

— פרויענ אויכ. א מיידל.

א מיידל... צי איז עס ניט ראָכל, ניט לייע? רוּווּנ קאָנ ניט איינשטיינ רוּיִק. ער איז איצט גערױטנ אינ זײַנ טאטנ. אפ זײַנ פּאָנעמ זעט מענ, ווי אינ א שפּיגל, אלצ, וואָס בא אימ אפ דער נעשאָמע טוט זיכ. דורכ זײַנע אויגנ לײַכט ארויס דער פארלאנג צו אָנכאפּנ דעמ ייִדנ פאר דער האנט אונ פרעגנ איינ וויכטיקע פראגע:

— א מיידל מיט א ביינ-פינטל איז פאראנ?

ער פרעגט אָבער ניט. איכ פרעג אויכ ניט. מיר האָבנ מוירע צו דערוויסנ זיכ דעמ עמעס.

— איר ווייסט ניט, ווי מע וועט זיכ דערפרייענ. נאָכ צוויי ייִדנ... קומט שוינ גיכער.

מיר אײַלנ אוועק זאלבעדריט.

6

איכ לויפ מיט רוּווּנענ זעג אונ אָנקוקנ די איינציקע געבליבענע ראָכל אָדער לייע.

די גאנצע ייִדישע באפעלקערונג פונ דער שטאָט געפינט זיכ איצט אינ איינ דירע. אינ אָוונט זײַנענ אלע אפ אנ אָרט. אלע באזעגענענ אונדז אונ ווארפנ זיכ קושנ.

— ייִדן. נאָך צוויי ייִדן! היגע ייִדן.

די דרײַצן מענטשן ווילן אַלע ריידן מיט אונדז. מיר פאַרשטייען עס, און מיר בעטן זיי:

— רעדט, כאַווײרים, רעדט, דערציילט...

אָבער פריִער ווילן זיי עפּעס פרעגן. זיי ווילן אַלע וויסן:

— צי איז ריכטיק, אַז ערגעץ לעבן נאָך ייִדן?

— מיר האָבן געמיינט — מיר, די דרײַצן, זײַנען די איינציקע איבערגעבליבענע פון אַ גאַנצן פֿאָלק.

— לעבן נאָך ייִדן?

און מיר, די צוויי געקומענע, זײַנען איידעס, אַז ייִדן לעבן נאָך.

אויפן טיש איז ברויט, און זאַלץ, און צוקער. עס ברענט אַ קעראָסין־לאָמפּ. צוויי פֿאַרשטייער פון די לעבעדיקע מיט דרײַצן פֿאַרשטייער פון די אומגעקומענע פּראַווען אַ סודע.

מיר בעטן זיי: דערציילט אונדז פון אונדזער אומגליק.

זיי בעטן אונדז: דערציילט אונדז פון אונדזער גליק.

פון דער גרויסער שיסל קאַרטאָפל אויפן טיש שלאָגט אַ פּאַרע. מיר זיצן אַלע אַרום טיש. זיי נעמען ביסלעכווײַז דערציילן, איינער, אַ צווייטער און אַ דריטער. פאַר איינעם אַלץ אויסדערציילן איז אוממעגלעך.

אָט נעמט דערציילן אויך דאָס איינציקע מיידל. ביידע ווערן מיר געוווירע: ניט מײַן לייע, ניט זײַן ראָכל.

אַ יונג מיידל מיט כיין אין פּנים, ניט געקוקט אויף אירע צאָרעס, מיט קלוגשאַפט אין די אויגן. איך ווייס ניט, וואָסער געדאַנק וועט אין מיר נעמען די אויבערהאַנט. צי אַז יוגנט קען ניט נאָר אומקומען, נאָר קען אויך אַלץ איבערלעבן. צי אַז וועמען איך האָב געזוכט, האָב איך ניט געפונען.

דאָס מיידל דערציילט סײַ וועגן צאָרעס, סײַ וועגן העלדישקײַט. זי סטאַרעט זיך זײַן רויק, נאָר איר גייט זיך עס שווער אײַן. און מיר אַלע, וואָס הערן און ווילן זיך אויך באַמיִען זײַן רויק, — קאָנען עס אויך ניט.

דאָס מיידל שטאַרקט זיך אָבער, זי געפינט אין זיך קויכעס, כאָטש אויסערלעך זיך באַרויִקן.

איר נאָמען איז בלומע.

## 7

מיר זײַנענ שוינ דאָ פינפ טעג. אַלע פינפ טעג טרעט רוווּנ ניט אָפּ פונ בלומענ. עס איז אריבער נאָכ א וואָכ, אונ בלומע קוקט אַמ רוווּענענ מיט גליקלעכע אויגנ. מיכ פאַרדריסט עס.

וואָס אייגנטלעכ מיינט אָט דער רוווּנ? צי רעכנט ער ניט אָפּ בורוועס אָנהייבנ א לעבנ? צי וויל ער ניט ווערנ א מאַציייווע אַפּנ גרויסנ בעסאַלמענ? כ׳וועל דערמאָנענ רוווּענענ, אַז ער פאַרגעסט הײַנט, וואָס נעכטנ איז געווענ. שוינ א טאָג צוויי, ווי איכ מײַד אימ אויס. אָט איז אריבער נאָכ א טאָג, אונ איכ וויל אימ ניט זענ. איכ בלאָנקע ארומ איינער אַליינ. מיכ פאַרדריסט, וואָס יִסראָעלס זונ, רוווּענענ, איז אײַנגעפאַלנ א ווילדע פאַנטאַזיע — אָנהייבנ א לעבנ פונדאָסנײַ.

בלומענ וויל איכ זענ. אָפּ צולאָכעס זיכ אַליינ, זע איכ זי ניט. אויכ אָפּ איר בינ איכ בערוגעז. פאַרוואָס? קעדיי זיכ ניט ענטפערנ אַפּנ „פאַרוואָס”, פלאָנטער איכ מײַנע אייגענע געדאַנקענ.

איכ וויל זענ בלומענ. איכ מײַד זי אויס. איכ טו עס זיכ צולאָ-כעס. אונ דעריקער, צי קענענ עפּעס מענטשנ אינ מיר גיט דערקע-נענ? הײַנט פיל איכ, אַז איכ בינ ענלעכ אָפּ מײַנ טאַטנ.

— וואָס איז מיט אײַכ, וועלוול? איר זײַט, דאַכט זיכ, צע-טראָגנ? — פרעגנ מיכ ייִדנ.

— צעטראָגנ? אָפּ קיינ האָר. איכ קלײַב זיכ פּאָשעט צוריק.

— צוריק? וואָס רעדט איר, וועלוול?

זיי האָבנ פונ דעמ פאַרדראָס. זיי ווילנ, אַז מענטשנ זאָלנ אַהיימ קומענ. אָבער אַוועקפאָרנ פונ זיי? אַפילע בלומע כאַפּט מיכ אָנ מיט א טײַנע:

— וועלוול, איר ווילט טאַקע פונ אונדז אַוועקפאָרנ?

— איכ וויל.

— רוווּענענ וועט שטאַרק פאַרדריסנ.

„רוווּענענ וועט שטאַרק פאַרדריסנ.” אונ איר, בלומענ, ניט? אָדער עפּשער, וואָס עס פאַרדריסט רוווּענענ, פאַרדריסט אויכ בלומענ? איכ וואָלט עס געפרעגט, נאָר צי דאַרפ בלומע וויסנ, וואָס איכ פיל אונ טראַכט. איכ וויל נאָר וויסנ, ווענ וועט זיי קומענ מאַזלטאָוו?

עס גיט א שפּיל אויף די קלאָגשאַלס אין אירע אויגן. דאָס בייזגעווודיקע פּאָנעם פאַרויטלט זיך. זי זאָגט:

— ווי מע וויל. אַז מע וויל, וועט אונדז נאָך ערשט קומען מאַזל-טאָוו. אַז מע וויל, האָט מען שוין פאַרשפּעטיקט.

— מאַזלטאָוו אײַך, בלומע, מיט מאַזל זאָלט איר לעבן!

— א דאַנק, א גרויסן דאַנק!

צי קען איך דאָ בלײַבן אין דער שטאָט? איך פאָר צוריק. רוווין האָט מיך אָפּגעזוכט.

— ווערוויל, דו פאָרסט צוריק?

— און דו, רוווין?

— איך בלײַב!

— בלײַבסט... צי האָסטו ניט אָנהייבן א לעבן פונסניי? האָסט א קורצן זיקאָרן.

— יאָ, איך הייב אָן א נײַ לעבן.

און איך אַליין פיל עס דען ניט?

איך פיל, אַז עס הייבט זיך אָן א נײַ לעבן. און ניט נאָר איך איינער פיל עס און זע עס — אַלע זעען עס, אַלע פילן עס.

רוווין פאַרשטייט ניט. אים, רוווענען, זע איך. רוווין מיך — זעט ניט. אַלע זעען זײַן פרייד, אַלע פילן זײַן גליק. אַז איך בין מעקאַנע — זעט ער ניט. אַז מיך פאַרדריסט — פאַרשטייט ער ניט.

מיט מײַן קומען אהער האָב איך צוויי מאָל פאַרלאָרן. כ'האָב ניט געפונען יענע, וועלכע איך האָב געזוכט. כ'האָב פאַרלאָרן די, וואָס רוווין האָט געפונען.

רוווין פאַרשטייט עס ניט. ער וווּנדערט זיך. ער וויל מיך באַרויִקן. ער וויל מיך דערפרייען. איז פאַרוואָס, פאַרוואָס פאָר איך אַוועק? ער נעמט מיר ווידער אײַנריידן, אַז דאָ וועט זײַן א לעבן, אַז מע טאָר ניט פאַרלירן די האָפענונג.

מײַן פאַרדרוס איז ווײַט פאַרגאַנגען. זײַן ווייכע שטים ערגערט מיך, זײַן גוט-פרײַנטשאַפט איז מיר דערווידער. איך וויל שווײַגן, נאָר איך קען ניט. איך צעשרײַ זיך אויף אים. אַפן שפּיץ צונג ליגט מיר אַזוינס, וואָס איך וויל ניט אַרויסזאָגן. איך בין זיך גרייט אָפּ-שנײַדן די צונג צוזאַמען מיט די רייד. דערווײַל רייד איך וועגן זײַ-טיקע זאַכן. איך נעם „פילאָסאָפירן". מענטשן האָבן אַזויפיל דורכ-געלעבט, אַז יעדערער איז איצט גרינג צו זײַן א „פילאָסאָף".

איך בין צופרידן, וואָס איך רייד אַלץ אַרום און אַרום און לאָז ניט אַרויס די ווערטער, וואָס ליגן אויף די שפּיץ צונג. אויף רוועקנ ווירקן ניט מיינע רייד. ער שמייכלט אפילו. ער טראַכט מיסטאמע וועגן בלומען. ער איז צופיל צופרידן. און איך האַלט ניט אויס...

— איך זאָל בלייבן, ווילסטו? — פרעג איך אַן אומגערעגטער מיין צופרידענעם כאַווער.

אין דער רעגע דוכט זיך מיר, אַז איך דערקען אים ניט. ער זעט אויס אַנדערש. זיין פרייד האָט געענדערט דעם אויסדרוק פון זיינע אויגן, זיי האָבן פאַרלאָרן זייער אָפּלאַכערישקייט. זיין פּנים איז מער ניט אָפּגעברענט, זיינע טונקעלע ליפּן זיינען געוואָרן העלער. ער האָט איצט אַ גוטע מיינונג וועגן אַנדערע און וועגן זיך.

— איך זאָל בלייבן, ווילסטו? — כאַזער איך איבער.

אָבער איך פיל שוין אַליין ניט דעם באַטייט פון די ווערטער, ווייל איך טראַכט גאָר וועגן עפּעס אַנדערש. איך טראַכט וועגן דעם, אַז מיין כאַווער ענדערט זיך און ווערט אַן אַנדערער.

סאָפקאָלסאָף... וואָס האָב איך צו אים?

פאַרוואָס זאָל איך אים ניט ווינטשן קיין גוט מאַזל? דעם אַזויפיל אָנגעליטענעם מענטשן ניט ווינטשן קיין גליק?

נאָר איך נאַר זיך אַליין אָפּ, בא מיר כאַפּן זיך אַרויס דאָפקע יענע ווערטער, וועלכע איך וויל ניט זאָגן:

— איך זאָל בלייבן, ווילסטו? איך זאָל ווי דיין טאַטע קרעכצן פון שלאָף, ווייל אין כאַלעם וועל איך זען דיין בלומען...

קיינער האָט זיך נאָך ביז היינט ניט דערטראַכט, ווי צו כאַפּן צוריק אַן אַרויסגעזאָגט וואָרט. אין דער מינוט, ווען איך האָב עס געזאָגט, וואָלט איך אַלץ אָפּגעגעבן, אבי צוריק צו כאַפּן. פאַרוואָס האָב איך עס געזאָגט? פון צולאָכעס, פון ניט פאַרגינענען? פון מע-קאַנע זיין? מיין כאַווער איז קליגער פאַר מיר.

— וועלוול, — זאָגט ער, — איך גלייב ניט, ניט דאָס ווילסטו זאָגן... מיר זיינען דען ענלעך אויף אונדזערע טאַטעס? אונדזערע טאַטעס זיינען געווען רויטאַרמייער? זיי האָבן ניט געלעבט, נאָר געליטן. ניט דאָס ווילסטו זאָגן, וועלוול... דאָס לעבן ליגט אין אונדזערע הענט, אַ כאַרעווע שטאָט האָפט אויף אונדז.

איך בין געבליבן, און כ'האָב אים אָפּגעגעבן מאַזלטאָוו.

.1945

# עשעלאָנען קומען

## 1

ניאָמע ליוביטש וואָלט איצט אליין ניט געקאָנט זאָגן גענוי, ווען און אין וועלכער שאָ איז ביראָבידזשאַן אריַין צו אים אין הארצן, ווי א טיפ געפיל, און איינגאנצן עם פארכאפט. צי איז עם געשען אין יענעם טאָג, ווען ניאָמע ליוביטש האָט זיך געזעגנט פון דער געטאָ, אין יענעם גרוי־הארבסטיקן רעגן־טאָג, ווען עם האָט געדוכט, אז אלץ ארום פוילט, אז דער הימל צעפאלט שטיקערוויַיז און די ערד טרינקט זיך אין איר אייגענער כליופיקער בלאָטע...

צי עפשער איז עם געווען ווינטער, ווען די זון האָט זיך אראָפגעזעצט אין פרישן בלאנקענדיקן שניי, א קאלטע, נאָר א פיַיערדיקשיינע, ווי אראָפגעגומענע פון א קינדערשער ניַי־יאָר־יאָלקע און פארוואָרפן ערגעץ אפן וועג צו קעניגסבערג, ווו דער סערזשאנט ליוביטש איז געפאלן א פארווונדעטער.

אָדער פאָרגעקומען איז עם גאָר אין דער רויִקער און ליכטיקער שפיטאָל־פאלאטע אפן קאווקאז, ווו דורכן פענצטער האָט מען באטאָגן געזען א גרינעם בארג און באנאכט — א ליכטיקע און ליַיכטע לעוואָנע איבער אים, א לעוואָנע, וואָס עם האָט געדוכט, אז אין דער בלאָער דורכזיכטיקער לופט האָט זי זיך ניט אפ וואָס צו האלטן און וועט דעריבער אָט־אָט א פאל טאָן אפן בארג, און איבערן גאנצן ארום וועט א קלונג טאָן מיט צעזעצטע שויבן. דאָרט אין שפיטאָל האָט ער געקענט באטראכטן און באנעמען אלץ, וואָס עם איז פאָרגעקומען מיט אים אליין, מיט זיַין אומגעקומענער מישפאָכע, מיט זיַין כאָרעווער היים. און אלץ, וועגן וואָס ער האָט געטראכט, האָט אזוי אָדער אנדערש געפירט צו ביראָבידזשאַן. מעגלעך, אז ער האָט זיך אויך דערמאָנט אָן א וויַיטן עלטער־זיידן,

וואָס איז אמאָל מיט יאָרנ צוריק געפּאָרנ שטארבנ אינ ערעצ-יִסראָעל, אָנ א פּעטער, וואָס איז געפּאָרנ זוכנ „גליקנ" קיינ אמעריקע, אָנ דער מומעס א פּלימעניצע, וואָס איז פארבליבנ אינ שווייד., אונ אָנ א ווײטנ קאָרעוו אינ פּוילנ. ער אליינ האָט אפ זײַנ לעבנ קיינעמ פונ זיי ניט געזענ, ער איז אפילע ניט אינגאנצנ זיכער, צי די קרויווימ זײַנע זײַנענ קרויווימ צי גאָר א שאָכנס, אלנפאלס האָט ער וועגנ זיי געהאט ניט מער, ווי א מעטושטעשע פאָרשטעלונג... אונ אפילע די דאָזיקע פאָרשטעלונג האָט אימ קיינ נאָכעס ניט געקענט פארשאפנ.

ווי דאָס זאָל ניט זײַנ, גאָר אינ א שמועס מיט די שעפנ, וואָס זײַנענ געקומענ צוגאסט אינ שפּיטאָל, האָט ער אפ דער פראגע, ווּהינ ער קלײַבט זיכ פאָרנ נאָכנ געזונט ווערנ, א ביסל געשוויגנ אונ דערנאָכ געענטפערט מיט אזא טאָנ, ווי זײַנ ענטפער וואָלט נאָכ פונ פאָרויס געדארפט זײַנ קלאָר פאר דער גאנצער וועלט, — א קליינ קינד אפילע, הייסט עס, מעג פארשטיינ, אז ער, ניאָמע ליוביטש, פאָרט...

— קיינ בירָאבידזשאנ!

ער האָט פונ זײַנ ענטפער געהאט שטארק האנאָע, ווײַל באקומענ האָט זיכ אזוי:

די פּאלאטע איז באשטאנענ פונ קראנקע, וועלכע ווערנ שוינ אָטאָט געזונט. די דײַטשנ האָט מענ באזיגט. פונ שפּיטאָל וועט מענ פאָרנ אהיימ. ס'איז זונטיק, אונ מע וואַרט אפ א יאָמטעוודיקנ מיטיק. אינ אָוונט וועט זײַנ א קאָנצערט. די קראנקע זיצנ אינ פּארק, אונ די שעפנ פארברענגענ מיט זיי. אינעמ שמועס קומט אופ א פראגע:

— איר היילט זיכ אוימ... ווּהינ פאָרט איר?

א פראגע צווישנ א סאַכ אנדערע. קיינ באזונדער מיינ האָט אינ איר ניט געשטעקט. דאָס ווערטל אָבער זאָגט, אז די זעלבע זונ מאכט דעמ לײַוונט ווײַס אונ דאָס לײַב שווארצ. די זעלבע פראגע האָט פאר איינעמ קימאט גאָרניט באטײַט, אונ פאר ליוביטשנ האָט זי באטײַט זייער א סאַכ. ווּהינ זאָל ליוביטש איצט פאָרנ? צו וועמענ?

מענטשנ האָבנ געענטפערט:

— ווּהינ? צו זיכ. אהיימ. קיינ איוואנאָווא.

— צו זיך. אהיים. קיין פערגאנא! א שיינע שטאָט. אומעטום גרינס. אינמיטן — דער קאנאל אַפּ סטאַלינס נאָמען. דער בוים־וואָל האָט אָפּגעבליט.

ניאָמע האָט א ביסל געשוויגן. דערנאָך א זאָג געטאָן מיט הים־פּײַלעסדיקער פאַרוואונדערונג:

— וווהין? אהין! אהיים... קיין ביראָבידזשאן!

ער איז געווען אזוי צופרידן פונעם ענטפער, אז זײַן אייגענע שטים האָט אים געקלונגען נײַ. יעדעס וואָרט באזונדער איז ארויס־געקומען אזוי ליכט: „וווהין? אהין! אהיים... קיין ביראָבידזשאן!"

און ער ווייסט אליין ניט, ווי דאָס איז געשען, נאָר ס'האָט זיך בא אים אליין פון זיך ארויסגעכאַפּט:

— יאָ. דאָס געהילץ איבער דער בירע איז שוין געווים דורך... א שטראָמיקער טײַך!

## 2

ניאָמע ליוביטש איז אין זײַן לעבן קיינמאָל ניט געווען ניט אין ביראָבידזשאן, ניט אפן ווײַטן מיזרעך ביכלאַל. דאָך האָט זיך בא אים די לעצטע יאָרן געשאפן א גאנץ גענויע פאָרשטעלונג וועגן דער יידישער אווטאָנאָמער געגנט. ער האָט אפילע איינמאָל געזען אין כאָלעם א ביראָבידזשאנער גאַס. וויפל ער האָט אין כאָלעם ניט געפרעגט, צי דאָס איז די אָקטיאבער־גאַס, וואָס פירט צום וואָק־זאַל, צי די לענין־גאַס, וואָס פירט צום געגנטקאָם, האָט ער בע־שום־אויפן ניט געקענט פארשטיין, וואָס מענטשן ענטפערן אים.

אלע זײַנע פּאַפּירן זײַנען געווען אויסגעריכט קײַן ביראָבידזשאן. אין דער לעצטער מינוט אָבער, שוין זיצנדיק אין וואגאָן, האָט ער באשלאָסן, אז פארן פאָרן קיין ביראָבידזשאן וועט ער זיך פריער אראָפּכאַפּן צו זיך, אינעם ווײַסרוסישן שטעטל צווישן די טײַכן בע־רעזינא און סוויסלאָטש. ער האָט נאָך ניט געוווּסט, צי ער פאָרט מיט עמעצן זיך זעגן, צי מיט עמעצן זיך זעגענען. ער איז געפאָרן ניט אפּ בלײַבן, נאָר, ווי ער האָט זיך אליין געזאָגט, אפּ זיך איבער־צײַגן נאָכאמאָל, אז אין זײַנע פּאַפּירן איז טאקע פאַרשריבן דער סאַמע ריכטיקער אדרעס: ביראָבידזשאן.

ניאָמע ליוביטש האָט זיך אויסגעהאָדעוועט אפן וואסער — צווי טײַכן אין איין שטעטל. זײַן טאַטע, זײַנע פעטערס זײַנען געווען

פליטניקעס אונ לאָזאָקרוטנ. פונ קינדוויַז אָנ האָט ער ליב געהאַט זיכ פליושקענ אינ וואסער אונ זיכ צוקוקנ, ווי דער טאטע מיט די פעטערס ווארפנ קלעצער פונ אויסגעשטעלטע סטאָסנ אינ טיַכ אריַנ. די פלינקע פעטערס מיט הויזנ, פארקאַשערטע ביז איבער די קנעכל, פאָרנ ארומ, שטייענדיק אפ בערווענעס, ווי אפ שיפלעכ, אונ שטעלנ פונ איינצלנע קלעצער צונויפ א בריק. די לאָזאָקרוטנ בינדנ צונויפ די בריקנ, עס וואקסט א פליט. אינ א זומערדיקנ פארטאָג, קוימ וואָס א זונ־שטראל פאלט אינ קילנ וואסער, לאָזנ זיכ פליטנ רויק אונ געלאסנ איבערנ טיַכ מיטנ שטראָמ. ניאָמע לויפט נאָכ נאָכנ פליט איבערנ ברעג. די פליטנ גייענ לאנגזאמ אונ סאָליד, ניאָמע קענ זיי לאנג נאָכיאָגנ. דערנאָכ פארשווינדנ די פליטנ. ניאָמענ פארדריסט עס ביז ווייטעק. ער ווייסט אליינ ניט פארוואָס.

שפעטער האָט ניאָמע געענדיקט א זיבנ־יאָריקע שול אונ אוועק זיכ לערנענ אינ א וואלד־טעכניקומ.

איצט פאָרט ער א קוק טאָנ אפ די צוויי טיַכנ, עפשער וועט ער נאָכ זענ, ווי מע טריַבט דאָרט פליטנ. ער קענ גאָר אזויפיל ניט אויסדערציילנ, וויפל ער פילט, אז ער מוז נאָכ א קוק טאָנ, דערפילנ אונ דערשפירנ, וואָס דאָרט טוט זיכ, וואָס דאָרט בליַבט, געזעגענענ זיכ, נו, כאָטש געזעגענענ זיכ... דאָס מוז ער! אונ נאָכדעמ: אהינ... קייג בירעָבידזשאנ!

וועגנ געפינענ אייגענע האָט ער אפילע ניט געטראכט. דעריבער איז ער געוואָרנ גוואלדיק איבערראשט, ווענ ער האָט געטראָפנ א פעטער מיט א טאָכטער פונ א יאָר צוואנציק.

— ניאָמעלע, — האָט אימ דער פעטער ארומגעכאפט, — ניאָמעלע, לעבסט... ביסט געקומענ. הערסטו, ניאָמע, אז ס'איז נאָכ פאראנ א פעטער, אז ס'איז נאָכ געבליבנ א באָכער מיט א מיידל, קענ נאָכ זיַנ א לעבנ, ווי איכ בינ א ייִד. לעבסט, ניאָמעלע, ביסט געקומענ... ווי איכ בינ א ייִד.

דער גרויער פעטער מיט סימאָנימ פונ רויטקיַט אינ קאָפ האָר, מיט א גרויענ אָנוווּקס אפנ געל־רויטנ געשפרענקלטנ, געקנייטשטנ אויסגעהאָרעוועטנ קארק, מיט בלאסע, פארקילטע, ווי אָפגעזאלצטע ליפנ — ווי שטענדיק בא מענטשנ, וועלכע געפינענ זיכ לאנגע יאָרנ באמ וואסער, — דער דאזיקער פעטער האָט אימ גאָר ניט געוואָלט ארויסלאָזנ פונ זיַנע הענט. נאָכ מיט א שאָ צוריק איז דער פע־

מער ארומגעאנגגענ פארזאָרגט און פארדײַנגעט און געטראָגנ אַפּ זיך די אומצופרידנקײַט פונ א מענטשנ, וואָס אלצ, צו וואָס ער נעמט זיך ניט, פּעלט אימ, אלצ, וואָס ער דאַרפּ, איז ניט פאראנ. און גאָר פארקערט, אלצ, וואָס ער פארמאָגט, איז אימ פארדריסלעכ־איבע־ ריק. איצט האָט זיך אפּ אימ גאָר אָנ׳עצויגנ א נײַע הויט, די אויגנ האָבנ איצט פארלוירנ זייער וואסערדיקײַט און האָבנ צוריק באקו־ מענ די אמאָליקע בלויקײַט. ער האָט אויסגעזענ, ווי א שטוב, ווו מע האָט איג די גרויסע שיינע פענצטער ארײַנגעשטעלט רייגע דורכזיכטיקע שויבנ.

— ניאָמע... — דער פעטער האָט פונ פרייד געוויינט.

און די טאָכטער זײַנע האָט גאָרניט געקענט זאָגנ, ווײַל דאָס געוויינ איז איר שוינ אויכ געווענ אפּ דער צונג.

דער פעטער האָט זיך, אפּאָנעמ, ניט געקענט אײַנהאלטנ, און ער האָט שוינ צומ צווייטנ מאָל איבערגעכאַזערט:

— ווי איכ בינ א ייִד, אז עס איז נאָכ פאראנ א באָכער מיט א מיידל, קאָנ נאָכ זײַנ א לעבנ. ביסט געקומענ, ניאָמע...

— געקומענ, פעטער, געקומענ זיך געזעגענענ!

— געזעגענענ? וואָס רעדסטו?

— יאָ, פעטער.

— שפּאסט... צי וואָס? מיט וועמענ?

— מיט אלעמענ.

— מיט אלעמענ? קלײַבסט זיך ערגעצ?

דער פעטער ווערט אומרויִק. ווידער איז צופיל קאָנטיק געוואָרנ דער גרויער אָנוווקס אפּנ געשפּרענקלטנ קארק. די יאָמטעוודיקײַט האָט זיך גענומענ פונ אימ אָפּטאָנ, און עס האָט גענומענ דוכטנ, אז אלע ארײַנגעשטעלטע שויבנ נעמענ פּלאצנ. די טאָכטער האָט בעשאס־מײַסע א שמייכל געטאָנ, נאָר געווענ איז עס אזא זויערער שמייכל, אז אפילע גאָר ניט קיינ געניטער מענטש האָט געקאָנט פארשטיינ, — אזוי שמייכלט א מיידל, ווענ עס ווילט זיך איר ווייִ־ נענ און זי שעמט זיך. ביידע ווילנ וויסנ, ווּהינ קלײַבט ער זיך?

— קיינ ביראָבידזשאנ!

— אזוי ווײַט? אזש קיינ ביראָבידזשאנ... אזוי ווײַט?..

דער פעטער פּילט, ווי פונ זײַנע הענט פאלט ארויס א געפינס, ווי א טײַערער טרויט רינט אויס. די טאָכטער האָט דאפּקע איצט

א שמייכל געטאָן אפּאנעמעסן. וואָרעם אָט דער באָכער ניאָמע, דער דעמאָביליזירטער סערזשאַנט, וועלכער איז ביז דער מילכאָמע געווען אירער נאָר א קאָרעוו און איצט איז ער שוין ניט אזוי א קאָרעוו, ווי א באָכער, וואָס איז איר גלייך געפעלן, אָט דער מענטש איז איר איצט געוואָרן נאָך מער צום הארצן. זי איז צופרידן, וואָס אנטקעגן שטייט א שווארצער יונגערמאַן מיט אן אָפּגעברוינט פּאָ־נעם און מיט אומרויִקע פאַרשנדיקע אויגן. איר דוכט, אז כאָטש דעם באָכערס אויגן קוקן ניט אין איר זייט, פאַלן זייערע בליקן אָפּ אויף איר. א מענטש, וואָס קלייבט זיך ערגעץ, וואָס וויל אלץ אָנהייבן פון אָנ־הייב, וואָס איז גרייט די מינוט זיך לאָזן אין וועג... דאָס איז איר געפעלן. און פאַרקערט... ווייל עס איז ווייט, איז עס איר נאָך מער געפעלן:

— פעטער, פון ביראָבידזשאַן גופא איז עס שוין ניט אזוי ווייט...

דאָס מיידל לאַכט. איר איז געפעלן דער איינפאַל.

— אזוי גאָר... — זאָגט דער פעטער אומרויִק, און זיין שטים ציטערט. — ניט ווייט... און נאָך וואָס פאָרט מען עס?

ניאָמע האָט שוין א ביסל ראַכמאָנעס אפן פעטער. וואָס וויל דער פעטער? ער וויל, אז ער, ניאָמע, זאָל ניט אװעקפאָרן. זיי זאָלן זיין צוזאַמען. ניט קיין אוולע. ניאָמע פילט, אז פון דער ערשטער רעגע קוקט אָפּ אים דער פעטער ווי אָפּ א באַשערטן איידעם. דער מאָכטער איז ער געפעלן. ער פאַרשטייט עס. א שיין מיידל. און דערפאַר, ווייל ער פילט עס און ווייסט עס, לייגט זיך אויס בא אים א צופרידן־כיטרע שמייכעלע אָפּ די שפּיץ ווּיעס, און ער איז אָט־אָט גרייט צו ענטפערן האַלב אין שפּאַס, האַלב ערנסט: „כאַסענע האָבן". ער זאָגט עס ניט. ער זאָגט עס ניט דערפאַר, ווייל אָט איז דאָס דינגע קוים־באַמערקבארע כיטרע שמייכעלע פאַרשוווּנדן פון די שפּיץ ווּיעס, און אין דעם אומרויִק־קלוגן בליק האָט זיך פאַר־גאַנוועט אומצופרידנקייט. שפּאַס איז שפּאַס, נאָר פאַרוואָס פרעגט אים דער פעטער די זעלבע נארישע קאַשע, וואָס עטלעכע ייִדן האָבן שוין געפרעגט: „נאָך וואָס פאָרט מען עס?" נאָך ליגנדיק אין שפּי־טאָל, האָט ניאָמע זיך געבייזערט, פאַרוואָס מע קאָן גאָר שטעלן אזא פראַגע. טאַקע דאָרט האָט ער באַטראַכט א סאַך באַוואָרנטע און גוטע ענטפערס.

די אומצופרידנקייט וואקסט. ער וואָלט געווענ זאָגנ דעם פעטער, אז ער גייט אינ פארק, וואָלט דער פעטער פארשטאנענ, אז ער גייט שפאצירנ. וואָלט ער זאָגנ, אז ער גייט אינ באָד, וואָלט דער פעטער פארשטאנענ, אז ער גייט זיכ וואשנ. ער וואָלט פארשטאנענ און גאָרניט איבערגעפרעגט, נאָר אז א ייִד זאָגט, אז ער פאָרט קיינ בירָאבידזשאנ, אינ דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט, איז עס פארנ פעטער ניט פארשטענדלעכ, ער דארפ נאָכ איבערפרעגנ: „נאָכ וואָס פאָרט מענ עס?" צי דענ איז ניט זעלבסטפארשטענדלעכ, אז קיינ בירָאבידזשאנ פאָרט א ייִד וווינענ, לעבנ, ארבעטנ, בויענ. צי דענ, נאָכ דעם אלצ, וואָס ער, ניאָמע, האָט איבערגעלעבט, איבערגעטראכט, אויסגעווייטעקט און באנומענ, קאָנ קומענ א פעטער און פרעגנ, נאָכ וואָס פאָרט ער עס קיינ בירָאבידזשאנ. דער אייגענער פעטער ווערט אים אינ דער מינוט שטארק דערווידער. מאמעש ער וויל אים ניט אָנקוקנ. און אויב ער וועט אים ענטפערנ, וועט ער אים ארייַנזאָגנ עפעס בייזס און שטעכיקס אפ באליידיקנ, אפ פארשאפנ ווייטעק און פארדרוס. אפ דעם פעטערס פראגע: „נאָכ וואָס פאָרט מענ עס?" ענטפערט ער האָזעדיק־ארויסרופעריש:

— כאסענע האָבנ!

3

ניאָמע האָט שוינ כאראָטע, וואָס ער איז אהער געקומענ. וואָס האָט ער דאָ טאקע ניט געזענ? וואָס איז עס פאר א קינדערשער גאנג — זיכ פאָרנ געזעגענענ. מיט וועמענ? מיט וואָס? אלע זייַנע פאפירנ זייַנענ אפ בירָאבידזשאנ, און ער קומט גאָר א קוק טאָנ, צי גייענ נאָכ פליטנ איבער דער בערעזינא. געוויס גייענ זיי. ווי דענ? געוויס ארבעט מענ דאָ, מע בויט דאָ, מע לעבט דאָ. דאָ איז דאָכ ראטנ־פארבאנד.

אויכ דער פעטער ארע ליוביטש לעבט איבער א פארדרוס. פארשטייט זיכ, אז באגעגענענ א קאָרעוו איז א סימכע, זיכ טרעפנ מיט אייגנ בלוט איז א יאָמטעוו, נאָר ער וואָלט זיכ עס געקאָנט דערוויסנ פונ א בריוו אויכ. דעמלט וואָלט ער האָבנ נאָר פארגעניגנ און וואָלט פארשפאָרט אראָפפאלנ פונ הימל אפ דער ערד. וואָרעמ ווער קענ עס וויסנ, ווער קענ זיכ עס פאָרשטעלנ, ווער קענ עס אויסדערציילנ, — טראכט דער פעטער, — וואָס הייסט פאר א

מענטשן, וואָס האָט געהאַט אַ גאַנץ שטעטל אייגענע, ברידער, שוועסטער און קינדער, בלײַבן אַליין, איינער אַליין, ווי אַלץ ביז איצט וואָלט געווען ניט מער, ווי אַ פּוסטער כאָלעם... און ווי אַ זייכער, אַז אַמאָל איז טאַקע עפּעס יאָ געווען, בלײַבט אים איבער אַ טאָכטער. ווער קען עס פאַרשטיין און ווער קען עס אויסדערציילן, — טראַכט דער פעטער, — וואָס הייסט דערמלט באַגעגענען אַן אייגענעם ברודערס אַ זון. עס זײַנען גאָר אַזוינע ווערטער ניט פאַראַן. אַז ער האָט דערזען ניאָמען, האָט אים געדוכט, אַז אַלץ, וואָס עס איז אומגעקומען און כאָרעוו געוואָרן, האָט זיך אומגעקערט צוריק. אין דער ערשטער שאָ האָט זיך אים אַלץ אויסגעוויזן, אַז הינטער ניאָמען באַהאַלט זיך אויס זײַן פרוי פּערעלע. אָט וועט זי זיך באַלד באַווײַזן פון הינטער ניאָמען און אַ זאָג טאָן:

— אַרע־קרוין, רופ די קינדער, שוין צײַט עסן...

פון פרייד האָט ער דערמלט געוויינט. און די געדאַנקען, וועלכע ס'איז אים שווער ברענגען אין אָרדענונג, האָבן זיך אַלע געלאָזט אין איין ריכטונג. ער האָט אַ שיינע טאָכטער, און אָט איז אָנגעקומען אַ שיינער באָכער. און דעם פעטער ווערט הייס, שטאַרק הייס. ווער קען עס פאַרשטיין און ווער קען אויסדערציילן... איז נאַ דיר גאָר! געקומען אַפּ אַנטלויפן!..

אַרע האָט טײַנעס און שטעלט קאַשעס דעם פּלימעניק. אַזוי גלאַט וועט עס יענעם ניט אָפּגיין.

די טאָכטער, אידע, מײַדט אינגאַנצן אויס ניאָמען. די טאָכטער פאַרדריסט אַפּ ניאָמעס אויסגעשריי: כאַסענע האָבן! איר דוכט, אַז מיט דעם אויסגעשריי האָט ער געוואָלט געבן צו וויסן: „ער פאַרשטייט, אַז מע וויל אים דאָ כאַסענע מאַכן, און ער וועט זיך ניט לאָזן.“ זי איז באַליידיקט פון דעם, וואָס ער מיינט, אַז מע יאָגט זיך נאָך אים, אַז מע האָט אים גאָר אין זינען, אַז מע טראַכט נאָר וועגן דעם ווי אַרײַנצוכאַפּן אים. אַ גרויסע מעציִע — אַ סערזשאַנט... ער איז זיך געקומען געזעגענען — זייער פײַן. ער פאָרט קיין בירָאָבידזשאַן — זייער שיין. אָבער, איך בעט אײַך, פאַרוואָס זאָל ער זי אַזוי באַליידיקן. דאָס וועט זי אים קיינמאָל ניט מויכל זײַן. זי מײַדט אים אויס. גייט ער רעכטס, גייט זי לינקס, גייט ער אין שטוב, גייט זי פון שטוב. זי וויל ניט אָנקוקן זײַן נאַרישע צורע.

אָבער ווי זי זאָל אים ניט אויסמײַדן, באַקומט זיך אַלעמאָל

אזוי, אז זי איז ערגעצ דערבײַ. אונ אלעמאָל קומט איר אויס צו הערנ דעם טאַטנס טײַנעם אונ דעם סערזשאַנטס ענטפערס. אונ אלעמאָל וויל אידע, אז דער טאַטע זאָל זײַנ גערעכט. אונ אלעמאָל באַקומט זיכ, אז גערעכט איז ניט דער טאַטע. אָט איז זי איצט ווײַ־דער אַרויס פונ שטוב, ווײַל ע ר איז געקומענ. דער טאַטע האָט מײַנעס, אונ זי הערט, ווי ע ר ענטפערט:

— הערט, פעטער, וואָס איכ וועל אײַכ זאָגנ...

— וואָס וועסטו זאָגנ, ניאָמע, אַדעראַבע...

— לויט דער קאָנסטיטוציע בינ איכ צוגעשריבנ צו דער ייִדי־שער אווטאָנאָמער געגנט.

— אזוי גאָר... — זאָגט דער פעטער, אונ אידע פילט, אז דער טאַטע האָט ניט וואָס צו ענטפערנ, ער בלײַבט נאָר באַס „אזוי נאָר..."

— האָט איר אײַכ איינס, פעטער, — זאָגט ניאָמע, — צווייטנס, ענטפערט מיר, כאָווער אַרע ליוביטש, פונ ווענ אָנ האָט איר עס אויסגעפונענ, אז דאָרטנ איז נאָכ קײנ זאַכ ניט פאַרטיק אונ דעריבער דאַרפ מענ נאָכ אויסוואַרטנ. לאָמיר צופאָרנ פאַרטיק מאַכנ... נײנ? איר ווילט ניט? עמעצער זאָל פאָרנ אונ נאָכדעם אײַכ טעלעגראַפירנ: „דעם גראַפ אַרעלע ליוביטש אונ זײַנ טאָכטער. אלצ איז גרייט, די דילנ אויסגעוועקסלט, דאָס בעט אויסגעבעט, מע וואַרט אַפ אײַכ, מע וועט אײַכ טראָגנ אַפ די הענט, ראַטעוועט, קומט!" פעטער אַרע, אלע פליטניקעס אונ לאַזאָקרוטנ זײַנענ אזוי־נע? עפּעס געדענק איכ עס ניט. איז אָט איז אײַכ צוויי. אונ דריטנס...

אידע איז גרייט צו הערנ דעם „דריטנס". דער „ערשטנס" איז איר געפעלנ. דער „צווייטנס" איז איר געפעלנ, דער סערזשאַנט איז איר ווידער געפעלנ. זי וויל וויסנ, צי איר „דריטנס" וועט ער זי אויכ דערמאָנענ צי ניט...

— אונ דריטנס? — זאָגט נאָכ דער פעטער — אונ דריטנס... א צינגל האָסטו א וואַזשנעם. עס רעדט זיכ. אונ די צאָרע איז, וואָס עס לאָזט זיכ הערנ.

— אונ דריטנס, פעטער, וועל איכ אײַכ אָט וואָס זאָגנ. די רע־גירונג, די מעלוכע האַלטנ, אז ייִדנ, פונקט ווי אלע פעלקער, האָבנ

רעכט אפ אייגענער מעלוכעשאפט. עס וועט אוועק נאָכ א ביסל צײַט, וועט מענ מאכנ א כעשבנ, וואָס האָבנ ייִדנ אופגעטאָנ, אויסגע־ בויט, אָרגאניזירט, אײַנגעאָרדנט אינ דער געגנט. איר, ארע, מיינט, אז איר טראָגט ניט קיינ פאראנטוואָרטלעכקייט פארנ באריכט, וואָס מע וועט דארפנ אָפּגעבנ? אונ איכ מיינ אנדערש. טאָמער וועט מענ ניט זײַנ צופרידנ, וועל איכ זײַנ שולדיק, איר וועט זײַנ שולדיק, אײַער טאָכטער וועט זײַנ שולדיק... מע וועט זיכ שעמענ די אויגנ ווײַזנ. איר פארשטייט עס?..

— פארשטיינ פארשטיי איכ עס... — זאָגט דער פעטער, — אוודע פארשטיי איכ עס...

אידענ פארדריסט אפנ טאטנ. יענער, דער סערזשאנט, רעדט מיט אלע זײַנע אייווערימ, ער ברענגט, אונ דער טאטע, ווי ער פלאָנ־ טערט מיט דער צונג: „אזוי גאָר", „פארשטיינ פארשטיי איכ". ניאָ־ מע איז א מאָלאָדעצ. ער האָט זי ווידער דערמאָנט. אונ עס גייט איר אופ אינ הארצנ אזא גוטסקייט, סײַ פונעמ סערזשאנט, סײַ פונ זײַנע ענטפערס, סײַ פונ דעמ, וואָס ער האָט זי ווידער דערמאָנט...

— אידע, — שרײַט דער טאטע, — וואָלסט געבנ א גלעזל טיי.

אידע פארגעסט אינגאנצנ, אז זי מײַדט אויס דעמ סערזשאנט, אז זי גייט לינקס, ווענ ער גייט רעכטס, אז זי האָט זיכ געגעבנ דאָס וואָרט שטיינ פאר א מײַל פונ אימ. זי פארגעסט עס אונ באווײַזט, אז זי שטייט לעבנ פענצטער. ווי שטענדיק, זעט זי אויס ווי נאָרוואָס אנ אויסגעצוואָגענע, א לײַכטע, א טענצלדיקע, מיט צו פלינקע אונ צו אומרויִקע באוועגונגענ. זי קוקט אפ ניאָמענ אונ וואָלט וועלנ, אז ער זאָל עס דאפקע באמערקנ.

— טיי איז פארטיק, טאטע, פארטיק!

## 4

א וואָכ צײַט איז ניאָמע ליוביטש אָפּגעווענ אינ זײַנ געבורט־ שטעטל צווישנ די טײַכנ בערעזינא אונ סווישלאָטש אונ דערנאָכ זיכ אוועקגעלאָזט מיטנ ווײַטנ וועג קיינ ביראָבידזשאנ. דער פעטער מיט דער טאָכטער האָבנ אימ באגלייט צומ צוג. באמ געזעגענענ זיכ האָט דער פעטער זיכ מיט אימ צעקושט אונ געזאָגט, ווי מע זאָגט שטענ־ דיק אינ אזא פאל:

— ווּעסט האָבנ כּיישעק, שרײַב אָנ א בריוו.

די טאָכטער איז געווענ אינ א סאכ א שווערערער לאגע.

קושנ זיכ מיט אימ, ווי מיט א שוועסטערקינד — אזוי ווי דאָס איז געווענ בא דער באגעגעניש — האָט זי שוינ איצט ניט געקענט. זי האָט זיכ נאָר באנוגנט מיט געבנ א האנט אונ שווײַגנ.

דער צוג האָט זיכ גענומענ רירנ. אָט האָבנ זיכ די רעדער קוימ א דריי געטאָנ, אונ דאָס ערשטע פענצטער פונ וואגאָנ איז פארבײַ. אָט האָבנ די רעדער זיכ גענומענ גיכער באוועגנ, אונ דאָס צווייטע פענצטער איז פארבײַ. דער וואגאָנ איז דורכ, אפ זײַנע טרעפּלעכ איז געשטאנענ דער קאָנדוקטאָר מיט א פארוויקלט פענדל. פונ איינעמ א פענצטער זעט זיכ ניאָמעס קאָפּ. אָט גייט שוינ פארבײַ דער צווייטער וואגאָנ. אידע נעמט נאָכגיינ נאָכ ניאָמעס קאָפּ אינ פענצטער, פריִער שמייכלט זי, דערנאָכ הייבט זי אופ א האנט אונ פאָכעט, אונ אז דער וואגאָנ איז שוינ ווײַט, נעמט זי נאָכשרײַענ צו ניאָמעס קאָפּ אינעמ פענצטער פונעמ אנטלויפנדיקנ וואגאָנ. נאָר אָט נעמט איר דוכטנ, אז דער קאָפּ איז ניט ניאָמעס, ניאָמע איז אוועק, אונ אינ פענצטער קוקט איצט ניט קיינ שוועסטערקינד, ניט קיינ סערזשאנט, ניט קיינ שווארצער באָכער מיט אנ אָפּגעטרענט פאָנעמ. זי אײַלט נאָכ די וואגאָנענ, זי פאָכעט מיט דער האנט, ווײַל זי קענ זיכ ניט אָפּשטעלנ אונ אופהערנ פאָכענ. זאָל כאָטש דער טאטע ניט באמערקנ, אז זי שטייט קוימ אפ די פיס...

ארע ליוביטש באמערקט אָבער גאָרניט. ער איז פארנומענ מיט אייגענע געדאנקענ: ניט קיינ נארישער באָכער, אונ אומגערעכט איז ער עפּשער אויכ ניט. א מענטש פאָרט... אומזיסט פאָרט מענ ניט. מיסטאָמע צײַט...

דער צוג איז אוועק, אונ זײַנ רויכ איז שוינ אויכ צעגאנגענ.

* * *

אינ מינסק אפנ וואָקזאל האָט ניאָמע באגעגנט א יידנ, וואָס פאָרט אויכ קיינ בירָאָבידזשאנ. מע דערקענט גלײַכ, אז דער מענטש איז ניט לאנג דעמאָביליזירט פונ דער ארמיי. אויסער די פאָגאָנעס איז אפ אימ געבליבנ דאָס גאנצע מיליטערישע אָנטאָנ. צו זײַנ רוקזאק איז צוגעבונדנ א פארייכערט קעסעלע. שווער איז

נאָר רערקענענ זײַנע יאָרנ. עס לאָזט זיכ אויס, אז ער איז נאָכ גאָר ניט קיינ אלטער, כאָטש לויטנ אויסזענ קענ מענ אימ שאצנ גאָר היפּש. ער האָט נאָכ זײַנ פּילאָטקע ניט אראָפּגענומענ פונ קאָפּ, האָט שוינ גיאָמע געוווּסט, אז זײַנע האָר זײַנענ פארקעמט אינ א קורצנ יאָזשיק, אז זיי שטייענ איינציקווײַז, ווי יעדער האָר פאר זיכ, אונ זענ זעענ זיי אויס פעסט אונ ניט נאָכגעביק. די אויגנ זײַנענ בא אימ גרויע אונ שטילע, שטילע ניט דערפאר, וואָס זיי האָבנ אינ זיכ קיינ פײַער ניט, נאָר ווײַל זיי אײַלנ זיכ ניט דערציילנ אלעמענ, ווער זייער באלעבאָס איז, וואָס ער טראכט אונ וואָס ער פילט. אינגאנצנ גענומענ האָט ער אנ אויסזענ פונ א מענטשנ, וואָס אײַלט זיכ ניט, ווענ מע דארפ ניט, וואָס וויל ניט פאטערנ קיינ אומזיסטע ענערגיע, ער איז אפּ אזויפיל וואָקזאלנ אויסגעווענ, אזויפיל ווענג דורכגעמאכט, אזוי ווײַט די דײַטשנ געיאָגט אונ אזוי גוט זיי געשלאָגנ, אז ער איז אינגאנצנ זיכער, אויכ איצט וועט ער זיכ דערקלײַבנ אהינ, ווו מע דארפ, אונ פונקט צו דער צײַט.

געהייסנ האָט ער סענדער טקאטש.

סענדער טקאטש, אז ער האָט אפּנ מינסקער וואָקזאל באמערקט ניאָמענ, האָבנ זײַנע גרויע אויגנ אופגעהערט זײַנ שטיל, זייער גרויקײַט האָט זיכ אָנגעצונדנ, אונ ער האָט גענומענ נאָכ ניאָמענ נאָכגיינ, זיכ צוקוקנ צו אימ אונ אפילע ווי אָנשמעקנ די לופט ארומ אימ. סאָפּקאָלסאָפּ האָט ער א פרעג געטאָנ פארבײַגייענדיק: וווהינ? אונ אז ער האָט זיכ דערוווּסט, אז קיינ ביראָבידזשאנ, האָט ער זיכ ווי אינגאנצנ אָנגעצונדנ אונ גענומענ ריידנ יידיש.

— איכ האָב אָבער געפילט, אז איר פאָרט אויכ אהינ. כ'וועל פּאָשעט פונ אײַכ ניט אָפּטרעטנ. צי איר ווילט יאָ, צי איר ווילט ניט. איכ האָב ניט ליב צו זײַנ איינער אליינ. — אונ אזוי ווי ער איז, אפּאָנעמ, א ביסל צײַט געווענ אליינ, האָט ער זיכ צוגעכאפּט צו ניאָמענ אונ גענומענ זיכ אויסריידנ פאר דער צײַט, וואָס ער האָט געשוויגנ. — ביז דער מילכאָמע האָב איכ געהאט א טאטנ, א מאמע, א ווײַב אונ קינדער. אינ דער מילכאָמע האָב איכ געהאט מײַנ ראָטע... אָבער אליינ... איכ בינ א מענטש, וואָס אליינ קענ איכ אויסגיינ פונ אומעט. ווי רופט מענ אײַכ?

אינ א האלבער שאָ ארומ האָט מענ געקאָנט מיינענ, אז די מענטשנ זײַנענ כאווײרימ פונ געבוירנ אָנ. זיי האָבנ זיכ אינ זייער

לעבן קיינמאָל ניט געשיידט און אף ווייטער וועלן זיי אויך זיין צוזאמען. מע האָט שוין געוווּסט, וואָס יעדערער האָט מיטגענומען אפן וועג און וואָס מע דארף נאָך מיטנעמען, ווער וויפל געלט עס האָט, וויפל שטיקלעך וועש, און מיט וואָס מע וועט זיך פארנעמען אין בירא̇בידזשאן. וועגן ניאָמען איז קלאָר — ער האָט געענדיקט א וואלד־טעכניקום און האָט זיך אויסגעהאָדעוועט צווישן פליטני־קעס, און וואָס שנייען סענדער טקאטשן, איז ער א גוטער באלמע־לאָכע, א טעסלער.

— כאָטש דעם עמעס געזאָגט, — האָט ער פארטרויט ניאָ־מען, — איז מיין פארלאנג — ערד... אין א קאָלכאָז. „מיין קאָל־כאָז" זע איך שוין, ווי אף דער דלאָניע. איינמאָל האָט זיך מיר גע־כאָלעמט, אז אף א טרודאָדיען באקום איך אזויפיל גוטס, אז עס איז ניט אריין צו מיר אין ראניעץ און איך האָב געמוזט שטאָפן אין קעסעלע. א גאנדז כאָלעמט זיך פראָסע.

דער וועג פון מינסק קיין מאָסקווע איז געווען א פריילעכער. עס האָט זיך אויסגעלאָזט, אז די געדאנקען, וואָס ניאָמע האָט וועגן בירא̇בידזשאן, האָבן אנדערע אויך. „בין איך, הייסט עס, ניט אליין, — האָט ניאָמע געטראכט, — פאראן א סאך אזוינע."

אין מאָסקווע אפן וואָקזאל האָט זיך אופגעזוכט א דריטער ייִד, וואָס פאָרט קיין בירא̇בידזשאן.

דער דאָזיקער ייִד איז געזעסן אין א ווינקל אין ווארט־זאל, אף א ברעג באנק. אף דער באנק איז געלעגן א פאפיר מיט אָנגעשניטן ברויט, אף א צווייט פאפירל איז געלעגן אן אָפגעשיילטע אוגער־קע, עטוואָס ווייטער א קליין שאכטעלע מיט זאלץ. מיט גרויס געפיל און געשמאק האָט דער מענטש מיט א מעסער צעשניטן די אוגערקע אף דער העלפט אין דער לענג, אָנגעשאָטן א ביסל זאלץ און גענומען רייבן. דערנאָך האָט ער רויק און געלאסן מיטן זעלבן געשמאק און געפיל געגעבן א ביס ברויט און א ביס אוגערקע, געקייט אזוי, אז מע האָט געפילט פאר א מייל, וואָס פאר א האנאָע ער האָט פונעם עסן. דערביי האָט ער די גאנצע צייט געהאלטן אין דער האנט א געעפנט מעסערל, כאָטש שניידן האָט ער מער גאָר ניט געדארפט. ער האָט געגעסן מיט אזא אפעטיט, אז אלע ארומיקע האָבן געמוזט פאנאנדערבינדן זייערע פעקלעך און זיך נעמען צו דער אכילע.

— פאָרט איר אויכ? נו, א מעזומענ איז מער ווי זאלבעצווייט. פונוואנענ?

אז ער האָט זיכ דערוווסט, פונוואנענ זיי פאָרנ, וועו זיי זײַנענ, האָט ער זיי געגעבנ די געהעריקע אייצעס אונ צומ סאָפ געזאָגט:

— איכ אלײנ בינ א ייִד, וואָס האָט ליב קלוגע פרייליכקײַט. לאָמיר האָבנ, אז מיר וועלנ האָבנ א פרייליכנ וועג. איז מאכמעס דעמ, מײַנ אייצע אזא. עס איז פאראנ א קאָמיטעט, אנטיפאשיסטסקי יעווריייסקי קאָמיטעט, דארפ מענ אהינ ארײַנגיינ, מע דארפ דאָרט אפילע אפ קיינעמ ניט פרעגנ, מע דארפ נאָר א זאָג טאָנ, אז מע פאָרט קיינ בירא‏ָבידזשאנ, וועט מענ אלײנ אלצ געמענ אויספרעגנ. זאָל מענ דאָרט וויסנ, זאָל מענ וויסנ... ייִדנ פאָרנ קיינ בי־ראָבידזשאנ.

אינ דעמ גרויסנ אונ געראמענ ערשטנ צימער פונעמ ייִדישנ אנטיפאשיסטישנ קאָמיטעט זײַנענ געווענ א סאכ מענטשנ. אפ אייגער פונ די צוויי גרויסע אונ טיפע קאנאפעס איז געזעסנ א מענטש, ארומ אימ זײַנענ געזעסנ אונ געשטאנענ אנדערע. אלע האָבנ מיט אינטערעס געהערט, וואָס דער מענטש דערציילט. אלצ, וואָס דער מענטש האָט גערעדט, האָט זיכ אָפגעשפיגלט אפ זײַנ פאָנעמ. אָט איז אפ אימ געווענ אויסגעגאָסנ פרייד, אָט אומעט. דער דאָזיקער מענטש האָט דער ערשטער דערזענ די צוויי ארײַנגעקומענע אונ געזאָגט:

— דוכט זיכ, מײַנע ייִדנ.

אונ עס האָט זיכ אויסגעלאָזט, אז טאקע זײַנע ייִדנ. ער איז באלד צו זיי צוגעלאָפנ אונ זיי אוועקגעזעצט אפ דער קאנאפע.

— פונוואנענ?

דערנאָכ האָט ער גענומענ אויספרעגנ איינצלהײַטנ, גענומענ אלײנ דערציילנ אונ געבנ אייצעס. זײַנ פאָנעמ האָט געשײַנט פונ גליק, פונ פרייד.

— אינגיכנ וועלנ גיינ אהינ גאנצע עשעלאָנענ. ווי הייסט איר?

— ניאָמע ליוביטש.

— סענדער טקאטש.

דער מענטש האָט זיכ אופגעשטעלט, ארופגעלייגט זײַנ קלוגע שפילנדיקע האנט אפנ גרויסנ ליכטיקנ שטערנ אונ געזאָגט מיט א פול מויל:

— פֿאָלג מיך א גאנג! ס'א מעהאלעכ פֿון ביניאָמינען און סענ־דערלען ביז ניאָמע ליוביטש און סענדער טקאטש. הערט נאָר א מייסע. אנדערע וועלטן — אנדערע מענטשן, לאַכלוטן אנדערע. פֿעאָדאליזם און סאָציאַליזם! אויך ניאָמע און אויך סענדער...

דערנאָך האָט מען זיך געזעגנט.

— פֿאָרט געזונט, זייט מאצליעך. ווארט אף אונדז...

ארויסגייענדיק, האָבן ניאָמע און סענדער א פֿרעג געטאָן בא א מאשיניסטקע, ווער רער מענטש איז.

— איר ווייסט ניט? מיכאָעלס.

— אזוי גאָר?

ביידע האָבן זיך אָנגעקוקט און שווייגנדיק אומגעקערט צוריק.

— נעמט ניט פֿאַר אומגוט... כאָטש מיר האָבן זיך שוין גע־זעגנט, נאָר אזוי ווי איר זייט מיכאָעלס, קומט אייַך א שאָלעם־אלייכעם אויך.

5

פֿון מאָסקווע זייַנען זיי ארויסגעפֿאָרן זאלבעדריט. איצט האָט ניאָמען ארומגעכאפּט דער פֿארלאנג צו וויסן, ווער און וואָס וועט אים דאָרטן, אין ביראָבידזשאַן, באגעגענען. אין דער רעגע ווילט זיך אים זייַן אליין מיט זיך, אויספֿאנטאזירן די צוקונפֿט, אויסכאָלעמען א נייַ לעבן. ער קריכט ארויף אף דער אייבערשטער באנק און לייגט זיך מיטן פּאָנעם צו דער וואנט. ער פֿירט מיט א פֿינגער איבער דער וואנט, ווי מיט א בלייַפֿעדער, דער פֿינגער צייכנט, מאכט קרייַזן און דרייַעקן, און די אויגן זייַנען פֿול מיט טרוימען און כאלוימעס.

אונטן זייַנען געזעסן די איבעריקע צוויי און האָבן געשמועסט. עס האָט זיך אויסגעלאָזט, אז דער דריטער הייסט יודל גאָט, ער איז א בערשאדער, א מוליער.

— גאָט אליין פֿאָרט קיין ביראָבידזשאַן.

זייַן פֿרוי מיט צוויי מיידלעך ווארטן אין בערשאד אף זייַן טע־לעגראַם פֿון ביראָבידזשאַן, — וועלן זיי אויך ארויספֿאָרן. איצט האָט ער גרויס כאראָטע, פֿארוואָס ער האָט די מישפּאָכע ניט מיט־גענומען מיט זיך.

יודל גאָט האָט א קוק געטאָן צו דער אייבערשטער באנק און א פֿרעג געטאָן, צי וויל ניט ניאָמע שלאָפֿן. נייַן, ניאָמע וויל ניט

שלאָפנ. ער וויל א ביסל זײַנ אליינ, מיט זיינע געדאנקענ, ער וויל א טראכט טאָנ. יודל גאָטנ איז די זאכ געפעלנ. ער פארשטייט אונ אכט א מענטשנ, וואָס האָט זײַנע אייגענע געדאנקענ אונ זײַנ אייגענעם באנעם.

— אָט דאָס באָבערל געפעלט מיר. א יינגל מיט א כאראקטער.

אונ טאקע, ווײַל ער איז אים געפעלנ, איז ער אים פריער מעקאנע, וואָס יענער קאָנ ליגנ אפ דער אייבערשטער באנק אונ קיינעמ ניט דארפנ. דערנאָכ פאלט אים איינ א געדאנק, אז דעם דאָזיקנ ניאָמענ מוז גאר זײַנ טרויעריק. עפשער דערמאָנט ער זיכ איצט, וואָס ער האָט געהאט אונ וואָס ער האָט שוינ ניט. יודל גאָט וויל אים צעשטרייענ, ארײַנציִענ אינ א געשפרעכ, פריילעכ מאכנ.

— ע-ע, ברודער, אז מע פאָרט מיט א קאָמפּאניע, איז מענ ניט אליינ. מאכמעס דעמ, ברודער ניאָמע, קלעטער אראָפּ, לאָמיר שמועסנ צוזאמענ. צווישנ דרײַענ איז אפילע א טרויעריקע מײַסע אויכ ניט אזוי טרויעריק.

ניאָמע איז אראָפּ פונ דער אייבערשטער באנק, אונ ס'איז אלעמענ געוואָרנ פריילעכ, וואָרעמ עס האָט זיכ אויסגעלאָזט, אז דער יודל גאָט האָט וואָס צו דערציילנ אונ קאָנ דערציילנ. ערשטנס, האָט מענ זיכ דערוווּסט, אז זינט ראטנ-מאכט לייענט ער א יידישע צײַטונג. צווייטנס, איז ער פאר דער מילכאָמע געווענ אינ מאָסקווע, געקומענ אפ א מײַ-דעמאָנסטראציע, קעדיי דורכגיינ דעמ רויטנ פלאצ אונ זענ סטאלינענ. איצט האָט אים באומרויִקט, וואָס זײַנ ווײַב איז בערשאַד איז געווים אומרויִק.

— איר פארשטייט, מאכמעס דעמ, וואָס זי איז א מניטעלינע. איינ נאכט וועט זי געווים ניט שלאָפנ, ווײַל איר וועט אײַנפאלנ איינ געדאנק, אז איכ האָב געקאָנט פארשפעטיקנ צומ צוג. א צווייטע נאכט, ווײַל איכ האָב געקאָנט פארלירנ דעמ בילעט, א דריטע נאכט, ווײַל מע האָט מיכ געקאָנט באגאנווענענ, באנעמענ פונעמ קאָפּ ביז די פיס.

יודל גאָט איז געוואָרנ נאָכ מער אומרויִק.

— איכ באנעמ בירעבידזשאנ ניט נאָר ווי א ערד אונטער די פיס, נאָר אויכ ווי א הימל איבערנ קאָפּ, איכ קוק ארײַנ ווײַט... בירעבידזשאנ איז א רעפּוע אפ געזונט ווערנ. איז פארוואָס פאָר איכ אליינ? פארוואָס האָב איכ געלאָזט מײַנ מישפּאָכע? באקומט זיכ, אז איכ גלייב זיכ אליינ ניט. א גאנצ פאָלק לוינט, נאָר פאר

זיך אליין... — ער האָט זיך אופגעשטעלט און געפרעגט — וועג וועט זײַן א סטאנציע?

ביז דער סטאנציע האָט יודל גאָט געשוויגן. ווי נאָר דער צוג האָט זיך אָפגעשטעלט, איז ער אראָפגעשפרונגען אַף דער פּלאַט־פאָרם. צוריק איז ער געקומען א בארויקטער:

— טעלעגראפירט... זיי זאָלן טייקעף ארויספאָרן!

אזוי איז דורך א טאָג. אַף מאָרגן איז ווידער געווען ניט אומעטיק. אַפן דריטן אָדער אַפן פערטן טאָג איז אַף איינער א סטאנציע ארײַן אין וואַגאָן א יונגערמאן און איז גלײַך צוגעלאָפן צום פענצ־טער. אים האָט באגלייט א מיידל, וואָס איז פון דרויסן צוגעלאָפן צום זעלבן פענצטער. זיי האָבן זיך געדריקט די הענט, געשמייכלט, צוגעזאָגט גלײַך שרײַבן. אָט איז דער צוג אוועק, און דאָס מיידל לויפט נאָך און פאָכעט מיט א האנט. ניאָמע האָט זיך ניט געקאָנט אָפרײַסן פון פענצטער. ער האָט נאָר פארגעסן, צו וועמען דאָס מיידל פאָכעט. ניט צו אים? ער האָט גענומען שאָקלען מיטן קאָפּ צו איר. דאָס מיידל האָט עפּעס נאָכגעשרײַען, נאָר וואָס — האָט שוין ניאָמע ניט געהערט. וואָס האָט דעמלט נאָכגעשרײַען אידע? ער האָט איצט געוואָלט וויסן, וואָס האָט זי אים געוואָלט זאָגן פאר זײַן אָפּפאָר? ער ווייסט ניט. אָבער פאָרט, ווי מיינט ער? ער קריכט ארום אַף דער אייבערשטער באנק און וויל זיך קלאָר מאכן, וואָס האָט אים אידע געקענט נאָכשרײַען? ס'ווערט אים אומעטיק. אן אקשן א פעטער, אים געפעלט ניט ביראָבידזשאן. און אידען?

יודל גאָט רופט אים ווידער און וויל אים פרייִלעך מאכן. נאָר הײַנט קריכט ניאָמע ניט אראָפּ, ער שלאָפט אזוי איין.

דער וועג האָט זיך געצויגן לאנג. אָבער סאָפּקאָלסאָף, נאָכדעם ווי מע איז אויסגעפאָרן א גאנצע וועלט, וואָס אינדערעמעסן איז דאָס ניט מער, ווי א טייל פונעם ראטנ־פארבאנד, איז ניאָמע אָנ־געקומען קיין ביראָבידזשאן.

ווי נאָר זיי זײַנען ארוים פונעם וואָקזאל, האָבן זיי זיך זשעדנע פארנומען מיט איין זאך — קוקן אַף מענטשן, אַף גאסן, אַף הײַ־זער. אָט איז דורכגעפאָרן אן אווטאָבוס, א מאשין,ביימער וואקסן.

— פארוואָס האָב איך ניט מיטגענומען מײַן געזינד? — האָט געטײַנעט יודל גאָט.

ניאָמען האָט געדוכט, אז עפּעס שוועבט ער נאָר ווי אינדער־

לופטנ. אימ דוכט אפילע, אז די גאסנ זײַנענ אזוינע, ווי דעמלט אינ כאָלעמ. ער האָט זיכ געלאָזט פירנ פונ יודל גאָט. זיי זײַנענ געווענ אינ שטאָט־ראט. מאָרגנ וועט מענ וועגנ אלצ שמועסנ, דערווײַל האָבנ זיי באקומענ אנ אָרט, ווו צו נעכטיקנ, זיי זײַנענ אוועק אינ באָד, דערנאָכ געכאפּט א דרעמל.

ערשט איצט איז ניאָמע געקומענ צו זיכ. ער האָט געפילט די פײַנקײַט פונ ביראָבידזשאנער הארבסט, די דינקײַט פונ א ביראָבידזשאנער אָוונט. ער איז געגאנגענ איבער דער גאס אונ געוואָלט אלצ זענ אונ באטראכטנ. מענטשנ זײַנענ געגאנגענ, אונ ער האָט זיכ געלאָזט נאָכ זיי. ער איז ארויס צומ טײַכ. באמ ברעג זײַנענ געלעגנ קלעצער. ער האָט זיכ געזעצט אפּ א קלאָץ, אונטער די פיס האָבנ געכרושטשעט די שטיינדלעכ. דער שטראָמ איז רוישיק געלאָפנ, אונ מיטנ שטראָמ האָט זיכ געטראָגנ דאָס געהילצ, וואָס פאר א צענדליק קילאָמעטער פונדאנענ האָבנ פליטניקעס געוואָרפנ אינ וואסער ארײַנ. דאָס וואסער טראָגט זיי צומ געהילצ־זאוואָד. ניאָמע האָט באטראכט דאָס וואסער, די קלעצער, דעמ וואלד, וואָס זעט זיכ פונדערווײַטנ פונ יענער זײַט טײַכ. ער האָט זיכ אליינ געפרעגט: ווו איז ער? בא דער בערעזינא צי בא דער בירע?

דער פארנאכט איז געווענ מיט א רויטנ אומרויִקנ פארגאנג, וואָס פארבט די וואָלקנס מיט ראָז אונ זיי זעענ דעמלט אויס, ווי ברייטע פאראדנע מירמל־טרעפּ, וואָס פירנ צומ הימל. אפּנ ברעג איז געווענ שטיל. ניאָמע איז געווענ אליינ. ער קוקט אפּ בילדער, באקאנטע פונ דער קינדהײַט אָנ. אָט טרינקט זיכ א קלאָץ, אונ נאָר איינ עק קוקט ארויס פונ וואסער, ווי א האנט, וואָס רופט צו הילפּ. אָט שטעלט זיכ א קלאָץ פּאָפּעריק, אונ אלע איבעריקע קלאפּנ אימ, שלאָגנ אימ, שטויסנ אונ טרײַבנ. דאָס וואסער ארומ שוימט, שפּריצט, רוישט. אונ אָט שווימט דורכ זייער שטיל א „דערטרונקענער" קלאָץ, ער שווימט אונטערנ וואסער, אונ עס זעט זיכ ארויס נאָר א שלעכט אָפּגעהאקטער סוק. אונ ווי אמאָל אינ דער קינדהײַט, פארווילט זיכ אימ אויסקלײַבנ א גלאט שארפּ שטיינדל, זיכ א בייג טאָנ נידעריק צומ ברעג, פארמאכנ אנ אויג אונ א לאָז טאָנ דאָס שטיינדל איבערנ וואסער אזוי, אז עס זאָל א מאָל פינפ זיכ א טוק טאָנ אונ ווידער זיכ באווײַזנ אפּ דער אויבערפלאכ. ער טוט אזוי אונ איז שטארק צופרידנ.

דערווײַל ווערט דער אָוונט אַלץ געדיכטער. פונעם זונ־פאַרגאַנג איז שוינ פאַרבליבנ ניט מער ווי א העלער פּאַדעם. פּלוצלינג האָט גיאָמענ ווי עפּעס א הייב געטאָנ פונ אָרט. פונ הינטער א סאָפּקע איז ארויס די לעוואָנע. א גרויסע, א לײַכטע, א ליכטיקע. אונ עס האָט זיך אויסגעלאָזט, אז אויך די לעוואָנע איז אים א באַקאַנטע, אַזאַ ווי יענע, איבערנ קאַווקאַזער באַרג. אים האָט זיך געוואָלט צו איר א געשריי טאָנ, ווי צו אַנ אַלטער באַקאַנטער, זיך באַגריסנ. ער האָט דערפילט די ווערטער, וועלכע ער וואָלט וועלנ איצט עמעצנ זאָגנ: אײנ ערד, אײנ וואַסער, אײנ לעוואָנע, אײנ היים. אָט וועג אַפנ ברעג וואָלטנ זיך באַוויזנ דער טאַטע מיט די פעטערס...

פונ פּאַרק האָט זיך דערהערט מוזיק. דורך די צווײַגנ קוקנ ארויס צענדליקער עלעקטרישע לאָמפּנ. גיאָמע גייט לאַנגזאַם צום פּאַרק. ער וויל זענ מענטשנ, מיט עמעצנ ריידנ, עמעצנ דערציילנ, ווי ס'איז אים איצט גוט אַפנ האַרצנ. וואָס ווײַטער, ווערט אַלץ ליכטיקער, אונ ער קומט ארויס אַפ א גרויסנ ליכטיקנ פּלאַץ לעבנ דער עסטראַדע. ער זעט פונ אַלע זײַטנ מענטשנ — עלטערע, יונגע, קינדער. ער וועט זיך באַלד ארומקוקנ, צוגיינ צו עמעצנ אונ זאָגנ כאָטש א פּאָר ווערטער. סאָפּקאָלסאָפּ איז אַלציינס צו וועמענ. אַלע זײַנענ אייגענע.

* * *

אינ א צײַט ארום. דער בירָאָבידזשאַנער טוישעוו גיאָמע ליור־ביטש איז געגאַנגענ פונ דער אַרבעט, האָבנ אים אָנגעיאָגט יודל גאָט מיט זײַנ ווײַב אונ סענדער טקאַטש.

— גיאָמע, עס קומט אַנ עשעלאָנ מיט איבערוואַנדערער, לאָמיר גיינ באַגעגענענ.

גיאָמע גיט א טראַכט, צי קענ אַמאָל ניט קומענ דער פעטער מיט אידענ...

אַלע האָבנ אַוועקגעײַלט צום וואָקזאַל. אַפּאָנעם אָבער, אַז זיי האָבנ א ביסל פאַרשפּעטיקט, ווײַל צוקומענדיק צום וואָקזאַל־פּלאַץ, האָבנ זיי שוינ פונדערווײַטנ דערהערט, ווי דער אָרקעסטער שפּילט א פריילעכע באַגעגעניש.

1947.

# טאָכטער, האָב אימ ליב

## 1

אָנגעהויבנ האָט זיכ עס אינ יענע טעג, ווענ פונ נאָכעמענ האָבנ אופגעהערט אָנקומענ בריוו פונ פראָנט. זי האָט געוווּסט, אז בא דער קלענסטער געלעגנהײַט שרײַבט נאָכעמ. אמאָל פאַרנעמט א בריוו ניט מער ווי דרײַ שורעס. אינ די דרײַ שורעס זײַנענ אָבער פאראנ די דרײַ וויכטיקסטע זאכנ: ער האָט ליב סאָניען, ער שלאָגט דעמ דײַטש, ער לעבט. צי קאָנ סאָניע ניט לייענענ דאָס בריוועלע גאנצע טעג, טראָגנ באמ הארצנ אונ ארויסלײַכטנ מיט גליקלעכע פארליבטע מיידלשע אויגנ?

נאָכעמ לייטעס האָט אופגעהערט שרײַבנ. ניט זי אליינ באקומט קיינ אײַנגעטונקטע פענ, ניט זײַנע עלטערנ. סאָניע וויל זײַנ זיכער, אז ער לעבט אונ איז געזונט, אפנ פראָנט מאכנ זיכ פארשיידענע צופאלנ. עפשער האָט ער ניט קיינ מעגלעכקײַט צו שרײַבנ, אונ עפּ־שער שרײַבט ער אונ די פאָטשט האָט זיכ פארהאלטנ, דערנאָכ וועט מיטאמאָל אָנקומענ א גאנצער פאק בריוו. אפ באשטעטיקנ איר זיכערקײַט וויל זי אויספרעגנ א מיטל, צו וועלכנ זי איז שוינ ניט איינ מאָל אָנגעקומענ. דוכט זיכ, גאָר ניט לאנג איז עס געווענ, א יאָר פאר דער מילכאָמע, דאנ, אז זי האָט זיכ געדארפט דערוויסנ: ער וועט קומענ? ער האָט זי ליב? פלעגט זי אופמישנ א בוכ אונ מיטנ פינגער אָנווײַזנ אפ א שורע — וואָס וועט זי אויסלייענענ?

דעמלט איז אינ דעמ געלעגנ נײַגער אונ מיידלש כיינדלענ זיכ. זי איז דאָכ געווענ פאָרויס זיכער, אז ער וועט קומענ, אז ער האָט זי ליב. אונ איצט?

איצט ציטערט זי מיטנ גאנצנ גופ, זי האָט מוירע פאר א שלעכטנ סימענ.

אינ גרעסטנ טייל פאלט אויס צומ גוטנ. אמאָל לייגט זיכ אויס צומ שלעכטנ, ווערט זי צעטומלט, דערשראָקנ, אלצ פאלט פונ די הענט. זי געפינט אויס, אז זי איז אויווער געווענ אפ עפעס א וויכ־טיקנ קלאל און דעריבער האָט זי רעכט איבערצוווארפנ. דאָס מאָל באקומט זיכ גוט, אונ זי ווערט ווידער פריילעכ.

זי שרײַבט צו אימ, זי שרײַבט אָפט. ער איז אפ מילכאָמע, א מענטש אפ מילכאָמע דארפ מער ליבע...

אָבער קיינ בריוו פונ אימ קומענ אלצ ניט אָנ. ניט צו איר, ניט צו זײַנע עלטערנ. זײַנ יִינגערער ברודער איז אויכ אפנ פראָנט — שרײַבט ער. נאָכעמ שרײַבט ניט — צי איז טאקע אינדערעמעסנ מיט אימ עפעס ניט געשענ.

א סאכ כאדאָשימ זײַנענ אוועק.

סאָניענ האָבנ אירע באווערטעס גערופנ „גאָרמע“ — א וווּק־סיקע, א שטאלטנע, א לײַכטע. זי האָט אפ אלצ גיכ רעאגירט. זי האָט גאָרניט געקענט אויסבאהאלטנ. נאָכעמענ האָט זי ליב באקו־מענ פונ דער ערשטער באגעגעניש.

הײַנט איז זי אופגעשטאנענ מיט א גליקלעכ פאָרגעפיל: אָדער א גרוס וועט זײַנ, אָדער ער אליינ וועט אינגיכנ קומענ. א גאנצנ טאָג איז זי געווענ פריילעכ, עס האָט זיכ איר אלצ געוואָלט זינגענ. אינאָוונט האָט זי זיכ געלייגט א צופרידענע אינ בעט ארײַנ. ווי נאָר זי האָט אײַנגעדרעמלט דעמ ערשטנ שלאָפ, איז אינ צימער צו איר ארײַנ א זומערדיקער הימל מיט א פערלמוטערנעמ לעוואָנע־סערפ. אינ צימער איז ארײַנגעקומענ א ווינקל שטאָט־פארק, די זײַ־טיקע אלייע אונ די באנק אונטערנ צעצווײַגטנ קאָשטאנ־בוימ. וויפל אָוונטנ איז זי דאָ מיט נאָכעמענ אָפגעזעסנ? אָט זיצט זי ווידער אפ דער באנק אינ קוקט אינ אלע זײַטנ, צי קומט ער ניט אָנ. זי איז געקומענ פריִער, אונ ער וועט געוויס קומענ פינקטלעכ, צו דער מינוט. פארוואָס קומט ער ניט פריִער? זי האָט ליב — קומט זי באצײַטנס. אונ ער? זי איז אומצופרידנ, וואָס זי דארפ זיצנ איינע אליינ. זי וועט אוועקגיינ. זי וועט נאָר איבערציילנ ביז צענ. זי ציילט ביז צענ, ביז פופצנ, דערנאָכ ביז צוואנציק, זי גייט ניט אוועק. זי וועט זיכ דערווארטנ, ביז ער וועט קומענ. דעמלט וועט זי אימ אויסזידלענ אונ אוועקגיינ.

אָט שטייט ער פאַר איר, נאָכעם. די קאַרע אויגן לײַכטן אַרויס מיט פאַרשטאַנד, די געדיכטע האָר זײַנען פאַרקעמט אַף אַרוף. ער שטייט קעגן איר, קוקט אַף איר, שמייכלט. ער לייגט אַרוף אַ האַנט אַף איר קאָפּ און גלעט די האָר.

— ווייסט, איך האָב פאַר דיר אַ נײַס! — זאָגט ער.

— אַ נײַס?

— יאָ. איך האָב דיך ליב. שטאַרק ליב!

און קעדיי איר פאַרלויפן דעם וועג, ווײַל זי וועט דאָך פרעגן: פאַרוואָס האָסטו מיך ליב, טײַערינקער? — זאָגט ער, דריקנדיק אירע הענט:

— כ'האָב דיך ליב, ווײַל איך האָב דיך ליב, אָן קיינע „פאַרוואָסן".

אין זומערדיקן נאַכט-הימל איבער זיי — אַ פּערלמוטערנער פערד. זיי זיצן אַף אַ באַנק אונטער אַ צעצווײַגטן קאַשטאַן-בוים, און וועמען איז נאָך אַזוי גוט, ווי זיי?

וויפל דויערט אָבער אַ גוטער כאָלעם?

זי כאַפּט זיך אוף. ניט קיין הימל, ניט קיין לעוואָנע-פערד. די פענצטער פאַרהאַנגען, ווי שטענדיק. נאָר זי איז גליקלעך. נאָכעם איז מיט איר.

— טײַערינקער...

נאָכעם איז ניטאָ. ניט נאָר דער הימל איז אַ כאָלעם. נאָכעם איז אַ כאָלעם. זי זוכט אים, ווײַל זי פילט אים נאָך, זי פילט זײַנע האָר אַף איר פּאָנעם. זײַן אָטעם אַפן האַלדז, זײַנע ליפּן אַף די אויגן.

— נאָכעם! — שרײַט זי אויס, — נאָכעם...

זי ווייסט, אַז ער איז דאָ ניטאָ, נאָר זי רופט אים צו הילף, ער זאָל זיך באַווײַזן, ער זאָל שיקן אַ בריוו. איבערגעבן אַ גרוס...

— נאָכעם, דו לעבסט? דו לעבסט! געוויס!

זי נעמט זיך אַליין באַרויִקן. וויפל פאַלן זײַנען געווען, ווען פון פראָנט האָט מען לאַנג ניט געשריבן, וויפל מאָל האָט מען שוין אַזוינע באַקלאָגט און באַוויינט. נאָכדעם לאָזט זיך אויס...

זי מוז טייקעף אָנקלינגען צו זײַנע עלטערן. זי טוט זיך אָן. גוט וואָלט געווען, ווען צום טעלעפאָן זאָל צוגיין זײַן מאַמע. זי ווייסט אָפּט, נאָר זי פאַרלירט ניט די האָפענונג, זי טרייסט זיך און זי

טרייסט סאָניען. דער טאַטע שווײַגט. זינט פון נאָכעמען האָבן אויפ־
געהערט אָנקומען בריוו, שווײַגט ער און וויל וועגן קיין זאַך ניט
הערן און ניט ריידן. מע זעט, אַז אינעווייניק איז באַ אים אַלץ פאַר־
קילט געוואָרן, האָט זיך אָפּגעשטעלט. אינעווייניק האָט דאָס לעבן
געפּלאַצט, ער קלאָגט זיך ניט, אָבער טרייסטן קען ער אוודאי ניט.
און זי, סאָניען, דאַרף מען טרייסטן, זי, סאָניע, האָט זייער מוירע פאַר
זײַן שווײַגן, וויל זי, אַז צום טעלעפאָן זאָל צוגיין די מאַמע.
צום טעלעפאָן איז טאַקע צוגעגאַנגען די מאַמע.
סאָניע האָט אַרײַנגעשריִען:
— איך, איך, סאָניע!
— סאָניע... — און סאָניען דוכט זיך, אַז די שטים אין טע־
לעפאָן־טרײַבל ענדערט זיך, עס רעדט די מאַמע, נאָר ס'איז געוואָרן
ניט איר שטים.
— איך, איך, סאָניע! — האָט זי אַרײַנגעשריִען און געוואָלט
ווידער דערהערן די באַקאַנטע שטים פון נאָכעמס מאַמען. נאָר אָנ־
שטאָט ווערטער, האָט זי דערהערט אַ כליפּ, אַ געוויין...
סאָניע האָט געלאָזט הענגען דאָס טרײַבל אָפּן שנור און איז
אַרויסגעלאָפן אין גאַס. זי איז געלאָפן צו נאָכעמס עלטערן. וואָס
איז דאָרט געשען? ווער איז קראַנק? מיט וועמען איז אַן אומגליק?
זי האָט געפילט, אַז אַן אומגליק איז געשען, נאָר ניט געקענט פאַר־
שטיין, מיט וועמען און וואָס.
די טיר האָט געעפנט אַ שאָכנטע. סאָניע איז אַרײַנגעלאָפן אין
שטוב. אין צימער איז געזעסן נאָכעמס טאַטע אַ בלאַסער, אַ צע־
בראָכענער. לעבן אים איז געשטאַנען נאָכעמס מאַמע און אים
געטרייסט.
— וואָס איז געשען? — האָט סאָניע אויסגעשריִען.
דער טאַטע האָט גאָרניט געענטפערט.
די מאַמע איז שטיל צו איר צוגעגאַנגען, געשוויגן, דערנאָך
געזאָגט:
— קענסט מיר זײַן אַ טאָכטער... קיין שנור...
סאָניע האָט געוואָלט אַ געשריי טאָן און ניט באַוויזן. זי האָט
זיך גענומען אַראָפּלאָזן, שאַרנדיק מיט די הענט איבער דער מאַ־
מעס קלייד.

## 2

עטלעכע טעג איז זי אָפּגעלעגנ צו בעט בא נאָכעמס עלטערנ. אז זי איז געקומענ צו זיכ, געקענט צונויפנעמענ אירע געדאנקענ אונ פארשטיינ, וואָס זי וויל, איז איינער פונ אירע פארלאנגענ געווענ בלײַבנ דאָ אינ שטוב, זי קענ ניט זײַנ קיינ שנור, זאָל זי כאָטש זײַנ א טאָכטער, איר פערזענלעכ לעבנ איז סײַווי געענדיקט. זאָל זי כאָטש קומענ צוגוצ נאָכעמס עלטערנ, זי איז דאָכ איינע אליינ, איינע אליינ אפ א גאנצער וועלט.

נאָכעמס מאמע איז ענלעכ אפ אנ אָפּגעלעבטנ, די איינציקע סימאָנימ, אז ער לעבט — זײַנ לײַדנ אונ שווײַגנ. אז מע קוקט אפ אימ אונ אפ זײַנ ווײַב, דערמאָנט מענ זיכ אינעמ ווערטל: „א שארבנ לעבט איבער א טאָפּ”.

א גאנצ לעבנ איז דער בוכהאלטער מוישע לייטעס געווענ דער געזונטער, דער מונטערער, דער, וואָס האָט זיכ פונ קיינ זאכ צומ הארצנ ניט גענומענ אונ אָפּט געשפּאסט פונ זײַנ פרוי ראָכל, וואָס געמט זיכ דאפּקע פונ אלצ צומ הארצנ, וואָס פילט זיכ אָפּט שוואכ, האָט פאר אלצ מוירע אונ לאָזט אנ איבעריקע טרער. אז זיי פלעגנ ארויסגיינ אינ גאס שפּאצירנ, האָבנ באקאנטע, וואָס האָבנ זיי באגעגנט, אָפּט געטראכט: אָט האָט איר א נאפּקעמינע צווישנ א מאנ אונ א פרוי. די זעלבע עלטער קימאט בא זיי, איז זי שוינ אָפּגעלעבט, שוואכ אונ אפילע אײַנגעשרומפּנ געוואָרנ, ער האָט קיינ איינ גרויע האָר ניט, איז א פעסטער, א געזונטער, מיט לעבעדיקע אויגנ.

איצט האָט מענ געזענ, ווי ער ווערט מיט יעדנ טאָג גרויער. ער איז געוואָרנ א שווײַגער, האָט געפאָלגט, וואָס ראָכל הייסט, אונ זי, ראָכל, האָט אימ געטרייסט, געגעבנ האָפענונג, זי האָט אויכ געטרייסט סאָניענ, ארומגעגאנגענ ארומ איר, ווי ארומ א קינד. סאָניענ האָט זיכ אפילע געדוכט, אז זי לעבט איבער א סאכ מער נאָכעמס אומקומ, ווי זײַנ מאמע. די מאמע זײַנע זוכט פאר אנדערע האָפענונגענ אונ טרייסט. פאר איר, פאר סאָניענ, איז קיינ טרייסט ניטאָ.

באנאכט איז סאָניע שווער געשלאָפנ. איינ מאָל האָט זי זיכ אופגעכאפּט, געעפנט די אויגנ אונ זיכ דערשראָקנ. אפ דעמ אנטקעגנדיקנ בעט איז געזעסנ ראָכל. זי איז געזעסנ מיט פארבראָכענע

הענט און מיט אַנ אַראָפּגעלאָזטנ קאָפּ. דער קאָפּ אינ ווײַסנ טיכל האָט זיכ אופגעהויבנ, אונ צוזאַמענ מיט אים — אַ שאָטנ אַפ דער וואַנט. אַ שטילער, אַ טיפער קרעכצ האָט זיכ אַרויסגעריסנ בײַ ראָכלענ, אונ דער קאָפּ איז ווידער געפאַלנ אַפ דער ברוסט, סאָניענ איז געוואָרנ קאַלט. ראָכל האָט גענומענ ברעכנ די פינגער אונ שטיל, שטיל וויינענ. סאָניענ האָט זיכ גענומענ דוכטנ, אַז זי פילט, ווי דער מאַמעס שטילע טרערנ פאַלנ אַפ אירע הענט.

— מאַמע, וואָס איז מיט אײַכ? אײַכ איז ניט גוט?

ראָכל האָט לאַנגזאַמ אויסגעקערט צו איר דעמ קאָפּ אונ געענטפערט:

— ניינ, מײַנ טאָכטער, מיר איז גוט!

דער „מיר איז גוט!" — האָט סאָניענ אַ שניט געטאָנ, ווי אַ מעסער. איר גאַנצער קערפּער האָט אַ צאַפּל געטאָנ.

סאָניע איז אַרײַנ צו דער מאַמענ אינ בעט אונ זי אַרומגענומענ.

פונ דעמלט אָנ איז שוינ סאָניע געשלאָפנ מיט ראָכלענ. זי האָט זיכ שוינ דאָ געפילט אינגאַנצנ היימיש אונ האָט גענומענ אָנפירנ מיט דער באַלעבאַטישקײַט. זי קומט נאָכ דער אַרבעט אַהיימ אונ פרעגט אויס, וואָס פאַרנ טאָג איז געשענ, וואָס דער טאַטע מאַכט, ווי די מאַמע פילט זיכ.

איינמאָל פאַרנ שלאָפ האָט זי אַפ זיכ אַ קוק געטאָנ אינ שפּיגל. זי איז געווענ אינ איינ העמד. איר האָט פאַרדראָסנ, וואָס זי איז נאָכ שיינ. זי איז אַוועק פונ שפּיגל, ווי פונ אַ סוינע. באַנאַכט האָט זי ווי שטענדיק גערעדט מיט ראָכלענ.

— מאַמע, — האָט זי געזאָגט, — פאַרוואָס בינ איכ ניט געווענ זײַנ ווײַב? פאַרוואָס האָב איכ פונ אים קיינ קינד ניט? פאַרוואָס טראָג איכ ניט זײַנ נאָמענ? מאַמע, אַ מיידל איז נאַריש, זי ווייסט ניט, אַז דאָס גליק קאָנ פונ איר אַוועקגיינ, ווי נאָכעמ פונ מיר...

די מאַמע, זינט זי שלאָפט מיט סאָניענ, ווײנט זי ניט באַנאַכט, זיצט ניט אינ בעט מיט קײנ פאַרבראָכענע הענט. אַפ צו באַקלאָגנ אונ באַוויינענ איר זונ זוכט זי אויס אַ ווינקל, וווּ קיינער שטערט ניט, אַ שאָ, ווענ זי איז אַלײנ.

— טאָכטערקע, — זאָגט די מאַמע, — קינד מײַנס, ביסט נאָכ יונג...

— מאמע, רייד ניט, רייד ניט אזוי!

— פּײַעֶרינקע. ביסט מיר אַ אייגן קינד. דו פאַרבײַטסט מיר נאָכעמען.

— מאמע! — שרײַט סאָניע אויס און זעצט זיך אוף, די מאמע זעצט זיך אויך אוף.

סאָניע האָט געוויינט.

פון יענער נאַכט אָן פלעגט זיך סאָניע ליגן שלאָפן מיט א שווער געמיט. ווען ראַכעלע וואָלט עס ניט באַליידיקט, וואָלט זי ווידער געשלאָפן באַזונדער. די מאמע וויל צונעמען נאָכעמען אין־גאַנצן פאַר זיך. זי פאַרשטייט, וואָס די מאמע טראַכט, ווען זי זעט זי אין אייגן העמד. די מאמע טראַכט: אזא לײַב, אזוינע פיס, אזוי־נע אויגן קענען ניט בלײַבן וואַרטן, ביז די ווערעמ אין קייווער וועלן פון דעם האַנאָע האָבן. מענטשן וועלן עס ניט דערלאָזן. לעבן בלײַבט לעבן. זי איז בא דער מאמען אַ טאָכטער, נאָר קיין שנור איז זי ניט. דעם אָנדענק און דאָס בענקען נאָך נאָכעמען וויל זי נעמען נאָר זיך. זי, סאָניע, וועט עס ניט דערלאָזן. די מאמע באַהאַלט אפילו אויס אירע טרערן נאָכן זון, סאָניע איז א פרעמ־דע, — זי טאָר זיי ניט זען.

ווי פרויער נעמט די מאמע זי אין בעט ארום. נאָר סאָניע קען זי מער ניט ארומנעמען. סאָניע קען אירע געפילן ניט אויסבאַ־האַלטן, זי קען ניט.

3

סאָניע גייט אהיים פון דער ארבעט. ס'איז הארבסט, ס'איז אָוונט, א רעגן זיפט. די רעגן־טראָפּנס אײַלן ניט, זיי פאַלן לאַנג־זאַם, זיי האָבן געגון צײַט. אַף דער גאַס איז פינצטער. די פענצ־טער זײַנען פאַרהאַנגען, פאַרשטעלט, די עלעקטרישע לאָמפּן זײַנען אײַנגעהילט, און עס דוכט, זיי באַשײַנען נאָר זייער אייגנע אײַנגע־ווייד. די פארעס פון די מאַשינעס וואַרפן שמאָלע פאַסיקלעך ליכט אונטער די פאָדערשטע רעדער, די טראַמוואַיען זײַנען שפּאָרזאַמ באַלויכטן און קלינגען אָן אופהער. אין די קליינע געסלעך איז בוי־שעך, מע טאַפּט מיט די הענט די פינצטערניש. די גרויסע פלעצער זעען אויס ווי פאַרנעפּלט, ווי פאַרשאָטן, פאַרטרונקען מיט טונקלע־ניש, די הויכע פילגאָרנדיקע מויערן שטייען מיט בלינדע פענצטער.

אונ נאָר ווענ־ניט־ווענ שארט זיכ פונ אונטער א פאָרהאנג צופעליק ארויס א שטראל ליכט, ווי א בליק פונ אנ אופגעעפנט אויג. בא די טראמוויי־סטאנציעס איז פול מיט מענטשנ. איבער דער גאס מארשירט א מיליטער־טייל, פאָרויס באלייכט מענ דעמ וועג מיט א לאמטערנ. אָפּט עפנט זיכ א טיר אינ א קראָמ, אונ דער פינצטערער טראָטואר ווערט אפ א ווײַלע באלויכטנ, די פאלנדיקע רעגנטראָפּנס גלאנצנ דעמלט אינעמ פאס שײַנ. מע דארפ זיכ גוט ארײַנקוקנ אונ זיכ גוט צוגעוווינענ, קעדיי דערזענ אונ דערפילנ, אז אינ פינצטערניש לעבט די שטאָט.

סאָניע איז שוינ צוגעוווינט צו די פינצטערע גאסנ, די פיס זײַנענ צוגעוווינט ניט זיכער אָנצוטאפּנ די ערד אונטער זיכ. זי איז מיד. זי וועט קומענ אהיימ אונ זיכ וואָס גיכער ארײַנלייגנ אינ בעט. א העלפט וועג איז שוינ דורכגעמאכט. סאָניע גיט א ציטער, פונ דאכ האָט אפ איר א שפּריץ געטאָנ הינטערנ קאָלנער, איר ווארעמער האלדז האָט דערפילט א פרעמדנ קאלטנ טראָפּנ. זי האָט עפּעס וואָס צו באטראכטנ. נאָר זי ווייסט, אז מע טאָר ניט כאָלעמענ אינ גאס. באמ צווייטנ טאָג האָט זי אינ זינענ אויסצומײַדנ, אז פונ דאכ זאָל זי ווידער ניט באגיסנ, נאָר כאָטש זי האָט עס אינ זינענ, דערפילט זי ווידער גליטשיקע טראָפּנס אפנ האלדז, זי בלײַבט אָבער שטיינ. ערגעץ פונ א דאכ דערטראָגנ זיכ באקאנטע ראדיאָ־סיגנאלנ. ערגעץ אפ א דאכ זאָגט דער הויכריידער עפּעס אָנ. עס פליט אָבער פארבײַ א וויניק באלויכטענער טראמוויי, רוישט אונ קלינגט, קלינגט אָנ א סאָפ. סאָניע ווערט בערויגעז, דער טראמוויי רייצט זיכ מיט איר, זי וויל הערנ, זי וויל וויסנ, וואָס זאָגנ אָנ די ראדיאָ־סיגנאלנ. אפנ טאָג איז זי שוינ ניט אלײנ. פארבײַגייער שטעלנ זיכ אָפּ. מענטשנ ווערט אלץ מער אונ מער. די קלאנגענ הערנ ניט אופ. די זעלבע קלאנגענ, וואָס האָבנ אויסגעזוגנ מיט עטלעכע רעגעס צוריק אזוי אָנגענעמ, ווערנ איצט סאָניענ דערווידער.

נו, וויפל איז דער שיר? שוינ צײַט דערציילנ וויכטיקע נײַס.

— בא־פעל...!

פאר וועמענ גיסט איצט דער רעגנ? מענטשנ לייגנ אפ אימ קיינ שומ אכט ניט. מע האָט גאָר אָנ אימ פארגעסנ. אלע זײַנענ פארנומענ נאָר מיט איינס: הערנ! אלע הערנ די פײַערלעכע שטימ פונ דיקטאָר, וואָס לייענט דעמ באפעל. די שטאָט, וואָס איז באפרײַט

געוואָרן, איז שוין באוווּסט, מע רופט אויס די נעמען פון גענעראלן און פּאָלקאָווניקעס. א טייל מענטשן גייען אוועק. אנדערע קומען אָן און פרעגן:

— וואָס גענומען? וועלכע שטאָט?

מע דערוויסט זיך און מע גייט ווײַטער. סאָניע קען נאָך ניט אוועקגיין, פאר סאָניעס פארמאָגט יעדער באַפעל נאָך א שורע, וואָס איז ווי ספּעציעל פאר־אירטוועגן: אייביקער אָנדענק די געפאלענע... זי פילט דעמלט, אז זי האָט א ביילעק אין דער באפרײַונג פון דער שטאָט, צוזאמען מיט די גענעראלן און פּאָלקאָווניקעס קומט אויף נאָכעם. ער ווערט דערמאָנט אין אלע באַפעלן. זי שטייט דעמלט מיט אן אראָפּגעלאָזטן קאָפּ.

איצט קען זי פאַרזעצן דעם וועג. זי גייט, און פאר די אויגן שטייט די מאמע. ווען די מאמע דערהערט די ווערטער „אייביקער אָנדענק די געפאלענע...", קוקט זי ארײַן אין ראדיאָ־רופּאָר, איר דוכט, אז באלד וועט מען אָנרופן נאָכעמס נאָמען. אירע ליפּן פּליסטערן, שעפּטשען, די אויגן זײַנען פול מיט טרויער און ווייטעק.

פארוואָס איז זי אָנגעשטויסן אף דער מאמען? צי האָט ניט די מאמע קיין רעכט באדויערן דעם אומקום פון איר זון? צי דען איז אף דער וועלט פאראן אזוי ווינציק טרויער, אז פאר איר, סאָניען, וועט שוין ניט קלעקן? סאָניע איז מער ניט בערויגעז. פּלוצלינג האָבן א זעץ געטאָן ארטילעריע־שאָסן. דער הימל איז געוואָרן באַלויכטן, דער לאנגזאמער רעגן האָט אופגעהעלט פון די פּילקאָליריקע פײַערן, ביזן שטוב האָבן די פײַערן באלויכטן סאָניען דעם וועג. אז ס'איז געוואָרן ווידער פינצטער, האָט זי א טראכט געטאָן: כאָטש איינג גרוס, איינג גרוס, אז ער לעבט...

4

פון נאָכעמס יינגערן ברודער, כאימען, האָבן אופגעהערט אָנקומען בריוו.

דער טאטע קען מער ניט זיצן און שווײַגן, די געפּלאצטע מאַשינען אין אים האָט ווידער גענומען ארבעטן, ער האָט גענומען נערוועז ארומלויפן איבערן צימער, שאָענווײַז שטיין אף דער גאס בא

דער טיר און וואַרטנ אפנ בריוונטרעגער. ער האָט געהאַט טײַנעמ צו די שטוביקע און ווידער גענומענ זאָגנ דייעס ווי אמאָל. ראָכל האָט די ערשטע טעג אימ געטרייסט. דערנאָכ האָט זי זיכ ארײַנגע־לייגט אינ בעט.

— איבער מײַנע קויכעס, — האָט זי געזאָגט, — וויפל קענ איכ זיכ האַלטנ נאָר מיטנ אימפעט?

אינ א פּאָר טעג ארומ איז זי אראָפּ פונ בעט. נאָר אפּ איינ שאָ צײַט — האָט זי געזאָגט. אָנ איר, דוכט זיכ איר, גייט אלצ קאַפּויר. מער האָט זי זיכ ניט געלייגט.

די שטוב האָט געלעבט מיט כאַיִמענ. כאַיִמ האָט ארויסגע־שטופּט נאָכעמענ, און זי, סאָניע, האָט איצט אויכ געלעבט מיט איינ געדאַנק: זאָל כאָטש כאַיִמ לעבנ, זײַנ ברודער, איר ברודער. און קיינ בריוו זײַנענ אלצ ניט אָנגעקומענ.

ביז סאָפּקאָלסאָפּ איז אָנגעקומענ א קליינ בריוועלע. מאַמעש עטלעכע שורעס, ער לעבט, ער איז געזונט, ער איז אינ א שפּיטאָל. אינ צווייטנ בריוו וועט ער אלצ באַשרײַבנ.

סאָניע איז אינ א ווינטער־אָוונט געקומענ פונ דער ארבעט און האָט גלײַכ דערפילט, אז אפילע די ווענט אינ שטוב זײַנענ פרייליכער געוואָרנ.

— א בריוו? — האָט זי אויסגעשריִענ.

— א בריוו!

די בריוו איז געווענ באַמ טאַטנ. ער האָט דאָס קלייִנע בריוול פונ דער האַנט ניט ארויסגעלאָזט. ניט גרינג איז סאָניענ אָנגעקו־מענ נעמענ בא אימ דאָס בריוול.

אינ שטוב איז געווענ פרייליכ, און סאָניענ איז געווענ פרייליכ.

פונ כאַיִמענ איז טאַקע אָנגעקומענ א גרויסע בריוו מיט א גאַנ־צער באַשרײַבונג. פונ אָנהייב גייט: „טײַערע מאַמע, טײַערער טאַ־טע...” דערנאָכ: „שטעלט אײַכ פאָר... איכ געפינ זיכ מיט מײַנ קאָ־מאַנדיר באַמ סוינע אינ הינטערלאַנד אפּ אויסשפּירונג, עס נעמט גיסנ א שלאַקס־רעגנ. מיר זעענ ניט קיינ וועג, קיינ שטעג. מיר טאַפּנ אָנ יעדנ טראָט ווי בלינדע. דער ערשטער געדאַנק: צי איז עס ניט פונ אונדזער מאַזל וועגנ? קיינער זאָל אונדז ניט באַמערקנ.

דער רעגנ גיסט, ווי דער הימל וואָלט פונ זינענ אראָפּ, ווי ער וואָלט גאָר פאַרגעסנ, אז איכ מיט מײַנ קאָמאַנדיר האָבנ א וויכטיקע

אופגאבע. מיר זײַנענ דורכגעווייקט אונ דורכגענעצט ביז א לעצטנ פאַר־
דעמ, די ערד איז ווייכ אונ בלאָטיק, די פיס גליטשנ זיכ, עס ווערט
אלצ שווערער אונ שווערער צו גײנ. אונ דעריקער — ווו זײַנענ מיר?
מיר ווייסנ ניט, ווו מיר זײַנענ.

אינ געדיכטנ גוסרעגנ גיט פונ צײַט צו צײַט א שווינדל דורכ
א בליצ, וואָס מאכט אונדז אפּ א ווײַלע בלינד, באלד דערנאָכ נעמט
דונערנ מיט אזא ליארעמ אונ טראסקערײַ, ווי אלע בערג וואָלטנ
פליִענ אינ דער לופטנ אונ צעשאָטנ ווערנ איבער אונדזערע קעפּ.
אז עס ווערט שטיל, הערט מענ דײַטלעכער, ווי עס רוישט דער
רעגנ. דאָ נאָענט, קענ זײַנ, איז פאראנ ווו זיכ אויסבאהאלטנ —
מיר זעענ עס ניט. צוויי טריט פונ אונדז איז עפּשער דער סוינע,
אונ מיר ווייסנ ניט, ווו ער איז. דער רעגנ האָט אלצ צוגעדעקט אונ
אײַנגעהילט אינ נאסער פינצטערניש. צי איז עס ניט קיינ מאבל?

אומגעריכט אונ אומדערוואַרט האָט דער רעגנ אופגעהערט, ווי
מע וואָלט אימ איבערגעריסנ. עס האָט גענומענ ליכטיק ווערנ פונ
אלע זײַטנ. די זונ האָט א שײַנ געטאָנ אונ גענומענ ווארעמענ, פונ
אונדז האָט גענומענ זעצנ א פּאר. איידער נאָכ מיר מאכנ קלאָר,
ווו מיר זײַנענ, דערזעענ מיר דײַטשנ, מיר נעמענ זיכ פּאָרזיכטיק
רוקנ אפּ צוריק. זיי באמערקנ ניט, ווי מיר גייענ פונ פעלד אינ
וואלד ארײַנ. אז מיר זײַנענ ארײַנ אינ וואלד, האָבנ זיי אונדז דער־
זענ אונ גענומענ באשיסנ. מיר אײַלנ אינ דער וואלד־געדיכטעניש,
אינ וואלד האָבנ מיר א האָפענונג זיכ צו ראטעווענ. דער וואלד איז
א טאטע. פלוצלינג בלײַבט דער קאָמאנדיר שטיינ, ער כאפּט זיכ
פאר א פוס, זײַנ פּאָנעמ איז איבערגעקרימט פונ ווייטעק.

— ווײַטער! — זאָגט ער אונ שלעפּט קוימ דעמ פוס. אימ איז
שווער צו גײנ. דער שטיוול איז שוינ פול מיט בלוט.

אָפּשטיינ איז געגליכנ צו טויט. איכ פיר אימ, עס ווערט אימ
אלצ שווערער אונ שווערער צו גײנ. מיר מוזנ זיכ אָפּשטעלנ. איכ
ציִ אראָפּ דעמ שטיוול אונ בינד אימ איבער די וווּנד. די שיסערײַ
ווערט שטילער. אויב אזוי, ווילנ מיר זיכ דערקלײַבנ צו אונדזעריקע.

דער קאָמאנדיר זאָגט:

— צי וועט זיכ אונדז ניט אײַנגעבנ אָפּנארנ די ערשטע קויל,
זי זאָל קיינ צווייטע ניט רופנ...

אָפּנארנ האָט זיכ אונדז ניט אײַנגעגעבנ. די צווייטע קויל איז

געקומען, דער קאָמאַנדיר איז געפאַלן. איך בין געבליבן שטיין א דערשראָקענער און צעטומלטער. מיר האָט געוזמען דוכטן, אז טויזנטער אויגן קוקן אף מיר, טויזנטער הענטער קלאַפן איגן מיר, און מײַן איינציק האַרץ איז שטיין געבליבן.

איך בין צוגעפאַלן צום קאָמאַנדיר. פאַרוואָס האָט ער מיך געלאָזט אַליין? איך האָב צו אים א טענה, פאַרוואָס ער האָט מיך געלאָזט אַליין.

דער קאָמאַנדיר האָט א קרעכץ געטאָן.

ער לעבט!

איך בין ניט אַליין. איך הייב אוף דעם קאָמאַנדיר אף מײַנע פּלייצעס. איך גיי פאָרויס, ווי מיר דוכט — גאַנץ שנעל, איך וויל זייער לעבן, און כ'וויל, מײַן קאָמאַנדיר זאָל לעבן. איך בין זיכער, אז כ'וועל אים דערטראָגן.

ביסלעכווײַז הייב איך אָן פילן א מידקײַט, פון מינוט צו מינוט ווערט דער קאָמאַנדיר שווערער. איך בייג זיך אַלץ נידעריקער, די פיס נעמען זיך פּלאָנטערן. מיר דוכט, אז דער קאָמאַנדיר ווײַזט ניט ארויס קיין סימען פון לעבן. עפשער איז ער טויט. איך טראָג אף זיך א טויטן.

איך קען מער ניט גיין, איך קען קיין טראָט ניט מאַכן. איך בלײַב שטיין. איך שטיי אַן אָנגעבויגענער און וויל וויסן, צי דער מענטש אף מײַנע פּלייצעס לעבט?

מײַן פּלייצע דערפילט א וואַרעמקײַט פון א קלאַפנדיק האַרץ, עס ווערט מיר ליכטיקער אין קאָפּ. ער לעבט! לאַנגזאַם באַוועגן זיך מײַנע פיס, נאָר זיי גייען פאָרויס. אָנגעקומען בין איך אף אַלע פיר.

לאַנג קען איך זיך ניט אויסגלײַכן און זיך שטעלן אף די פיס. איך פרעג דעם דאָקטער:

— די וווּנדן זײַנען ניט געפערלעכ?

— ניין, — ענטפערט דער דאָקטער, — ער איז טויט.

— טויט! — שרײַ איך אויס.

— און דו פאַרווונדעט! — זאָגט דער דאָקטער.

ערשט דעמלט דערפיל איך א ווייטעק."

דעמ בריוו האָט מענ געלייענט א סאכ מאָל. פריִער יעדערער באַ־זונדער, דערנאָכ האָט סאָניע געלייענט פאר אלעמענ.

פאר דער מילכאָמע האָט סאָניע איינ מאָל אָדער צוויי מאָל גע־זענ כאַימענ. ער איז נאָכ דעמלט געווענ א יונג באָכעריל, אָנהייב מילכאָמע האָט ער פארענדיקט די מיטלשול אונ איז אוועק פרײַ־וויליק אפנ פראָנט. זי וויל זיכ פאָרשטעלנ, ווי ער זעט איצט אויס?.. טאטע־מאמע, אז זיי האָבנ געלייענט דעמ בריוו, האָבנ זיי געזעסנ אונ געפילט, אז ס'איז זייער זונ כאַימ. ווי איז זײַנ געזונט? צי איז זײַנ פוס ניט איינ געפאר? סאָניע האָט אימ דורכנ בריוו געדארפט ערשט דערקאָנענ. זי האָט זיכ אימ געדארפט אויסמאָלנ. טאטע־מאמע האָבנ געלייענט א בריוו פונ כאַימענ, זי האָט געלייענט דעמ זעלבנ בריוו פונ נאָכעמענ. זי האָט שטארק גענומענ ארויסקוקנ אפ בריוו.

בריוו האָבנ גענומענ אָנקומענ אלצ אָפטער אונ אָפטער. די בריוו זײַנענ געווענ מונטערע. ער היילט זיכ, זײַנ געזונט ווערט בע־סער. ער האָפט אפילע איינגיכנ קומענ צוגאסט אהיימ.

איינ שטוב האָט מענ זיכ גענומענ גרייטנ צו זײַנ קומענ.

כאַימ איז געקומענ מיט ניט קיינ פארהיילטנ פוס, אָנגעלענט אפ א שטעקל.

צוזאמענ מיט טאטע־מאמע איז אימ סאָניע ארופגעפאלנ קושנ. צוזאמענ מיט זיי האָט זי זיכ באמיט ניט באמערקנ זײַנ שטעקל. זי האָט געוואָלט הערנ, וואָס ער זאָגט, ווי ער רעדט, ווי ער פילט זיכ. ער איז געווענ א גאסט, ער איז געווענ בא טאטע־מאמע א זונ אונ בא איר א ברודער. אלע זײַנענ געזעסנ באמ טיש, דער טיש איז געווענ ליכטיק אונ אויסגעפוצט. ווײַנ, פלייש אונ פיש. די מאמע האָט אָנגעבאקנ געבעקס: שטרודלענ, דריידלעכ אונ לעקעכלעכ. קיינער האָט ניט באמערקט, אז נאָכעמס אָרט, וואָס איז ביז איצט געווענ ליידיק, האָט פארנומענ כאַימ, די גאָפל־מעסער, וואָס זײַנענ ביז איצט געלעגנ ניט גערירט, האָט גענוצט כאַימ. אנטקעגנ, ווי שטענדיק, איז געזעסנ סאָניע, איינ שטוב איז געווענ פריילעכ, לאנג איז מענ געזעסנ, דערנאָכ איז כאַימ אוועק שלאָפנ. ער איז מיד פונ וועג. די עלטערנ האָבנ אימ באגלייט צומ בעט אונ לאנג פונ אימ

ניט אָפּגעטראָטן. סאָניע האָט גענומען אופראמען פון טיש. דער־נאָך האָט זי זיך געלייגט שלאָפן, די מאמע האָט זיך לאנג ניט אומ־געקערט פון כאַמען. סאָניען איז געוואָרן אומעטיק אליין.

פון יענעם טאָג אָן האָט סאָניע גענומען באמערקן, אז דער טאטע מיט דער מאמען סוידען זיך אָפט. זיי האָבן אופגעלעבט, זיי האָבן זייער גאנץ לעבן ארײַנגעלייגט אין כאַמען, זי האָט אויך גענומען באמערקן, אז דער טאטע האָט גענומען אָפט אָפּ איר קוקן, שמייכלען צו איר, אפילע גלעטן איבערן קאָפּ, פרעגן, צי דארף זי ניט קיין געלט, צי וויל זי עפּעס ניט קויפן.

— טאָכטערקע, ביסט אונדז אן אייגענע. זײַ אן אייגענע מיט אלץ, שעם זיך ניט.

— וואָס איך דארף — וועט מער ניט קומען. מער דארף איך גאָרניט.

— רייד ניט אזוי, טאָכטער. מע קאָן קיינמאָל גאָרניט וויסן פאָרויס.

אין דעם טאטנס רייד האָט זי געפילט ווארעמקײַט און האר־ציקײַט.

6

פאר די יאָרן מילכאָמע האָט זיך כאַים געענדערט. אויסערלעך איז ער שוין מער ניט קיין יונג באָכערל, נאָר א מאנצבל. זײַן יונג, קימאט יינגלש פּאָנעם איז געוואָרן מענעריש, אָפּגעברענט, פאר־הארטעוועט, זײַנע אויגן, וואָס האָבן פריער געוואָלט אלץ אָנקוקן, זען, באמערקן, זײַנען געוואָרן רויִקער. זיי קוקן ניט אָפּ אלץ מיט־אמאָל, זיי לויפן ניט ארום איבער אלע ווינקלען, דערפאר אויב זיי קוקן שוין אָפּ עפּעס, דוכט זיך, אז זיי זען עס אָפּ דורך און דורך. אויך זײַנע באוועגונגען זײַנען געוואָרן מער צילגעווענדט. זײַנע הענט האָבן פריער פארמאָגט די זעלבע קוועקזילבערדיקע יוגנטלעכע אומרויִקײַט, ווי זײַנע אויגן, צוליב איין נייטיקער באווע־גונג האָבן זײַנע הענט געקענט מאכן צען איבעריקע. איצט באוועגן זיך די הענט אויסגערעכנט. פריער האָט ער אלץ געוואָלט און אלץ געזוכט, נאָר ניט געקענט זאָגן, וואָס וויל ער און וואָס זוכט ער, איצט זעט מען, אז אויב ער זוכט, ווייסט ער וואָס און קען עס אָנרופן באַם נאָמען.

טאַטע־מאַמע האָבן עס באַמערקט און געפֿילט. נאָר װעגן װאָס טראַכט זײער זון, װאָס לעבט ער איבער און װאָס טראַכט ער װעגן לעבן, האָבן זײ ניט געװוּסט. טאַטע־מאַמע האָבן שױן ניט אײן מאָל געפּרוּװט מיט אים פֿאַרפֿירן אַ שמועס, מױשע אַפּ זײַן אױפֿן — װי אַ מאַנצבל מיט אַ מאַנצבל, אַ גלײַכער מיט אַ גלײַכן. ראָכל אַפּ איר אױפֿן, װי אַ מאַמע מיט אַ דערפֿאַרענעם זון, באַ װעלכן מע פֿרעגט אַן אײצע. כאָטש לאָזט זיך ניט אַרײַן אין קײן געשפּרעכן װעגן זיך אַלײן. ער קומט אַלץ אָפּ מיט אַ שפּאַס, מיט אַ װערטל, מיט זײַטיקע זאַכן. און אַפֿילו סאָניען, צו װעלכער ער באַציט זיך מיט גרױס רעספּעקט, װי צו אַ קאַלע פֿון זײַן אומגעקומענעם ברודער, אַפֿילו סאָניען, װען זי בעט באַם טיש דערצײלן װעגן דער מילכאָמע — ענטפֿערט ער אױך אָפּ מיט אַ װערטל.

— מילכאָמע, שװעסטער, איז ניט קײן מײַסע אָפּ דערצײלן.

אױסערלעך האָט זיך כאָטש געענדערט, אינערלעך האָט ער זיך ניט אַזױ געענדערט, װי געקומען צו זיך. ער האָט זיך אַלײן דערפֿילט און זיך אַלײן פֿאַרשטאַנען, אין נאָרמאַלע באַדינגונגען װאָלט עס געקומען אַ סאַך שפּעטער, אין יאָרן פֿון מילכאָמע איז כאָטש גיך אױפֿגעגאַנגען און גיך רײַף געװאָרן. דערפֿאַר אָבער איז אומבאַמערקט דורכגעלאָפֿן, קימאַט װי איבערגעשפּרונגען געװאָרן דער יונגנטלעכער רײץ פֿון האָבן אַ טאָעס און נאָכדעם כאַראָטע האָבן, פֿון טאָן אַ זאַך מיט געפֿיל און ערשט דערנאָך באַזיניקן זי. ער איז אַריבערגעשפּרונגען אַ טרעפּ אינעם לײטער, אַ טרעפּ, װאָס רופֿט זיך יוגנט, װעלכע מעג זיך באַנאַרישן, זען אײן פֿאַרב אָנשטאָט אַ צװײטער, מעג צופֿיל טרױען און אַ סאַך טרױמען, מעג זיך אָנטױשן. ער האָט, קען זײַן, צו פֿרי געגומען זען אַלץ אין דער עמעסער שײַן. ער האָט שױן געװוּסט די פּרײַז פֿון כאַװערשאַפֿט, געװוּסט, װו מע קען טרויען און װו — ניט. פֿאַר אים איז גיך אַװעק די צײַט פֿון איבעראַשט װערן, פֿאַרװוּנדערט װערן, מעקאַנע זײַן און נאָכמאַכן, כאָטש איז צו גיך געװאָרן כאָטש.

אין שטוב האָט מען אױפֿגעהערט צו דערמאָנען נאָכעמס נאָמען אין סאָניעס אָנװעזנהײט. ס'איז געװען װי אָפּגערעדט צװישן זיך, כאָטש מע האָט װעגן דעם קײנמאָל ניט גערעדט.

אַז טאַטע־מאַמע סױדען זיך, אַז זײ רײדן דאַפֿקע דעמלט,

ווען ניט ער און ניט סאָניע זײַנען דערבײַ, האָט ער נאָך דערווײַל ניט באמערקט אָדער עס האָט אים פּאָשעט ניט געאַרט.

קאָלזמאַן ער האָט זיך געדאַרפט אָנשפּאַרן אַפן שטעקל, איז ער קימאַט קעסיידער געזעסן אין שטוב. עס האָט אים ביכלאַל אין ערגעץ ניט געצויגן.

אַז דער פוס איז אײַנגאַנצן געזונט געוואָרן, און כאָטש האָט גענומען גיין אָן א שטעקן, האָט ער דערפּילט, אַז ניט נאָר ער שטייט אַף צוויי פיס, נאָר די הענט זײַנען בא אים פרײַ געוואָרן. די פרײַע הענט האָבן אַרויסגערופן א פאַרלאַנג זיך באַוועגן און עפּעס געמען טאָן.

ער האָט גענומען אַרומגיין איבערן צימער, און סאָניע האָט געזאָגט מעווינעס אַף זײַן גאַנג. זי האָט אים אַפילע געלערנט, ווי שטעלן דעם טראָט, זי האָט זיך געפרייט.

די מאַמע מיטן טאַטן זײַנען געשטאַנען דערבײַ, די פּענעמער זייערע האָבן געשײַנט, די מאַמע האָט אַפילע געלאָזט א טרער, אין דער מינוט איז זי געווען ענלעך אַף דער מאַמען פון פאַר דער מילכאָמע.

7

די לעצטע טעג, אַז סאָניע פלעגט זיך אומקערן אַהיים, איז בא איר געווען איין געדאַנק און איין פאַרלאַנג: עפענען די טיר און טייקעף א קוק טאָן אַף כאַיִמען. צי וועט זי אין אים ניט דערזען גאָכעמען? און אַלעמאָל האָט זי אין דער ערשטער מינוט דערזען גאָכעמען אין כאַיִמען. ענלעך, זייער ענלעך! און זי האָט אַליין ניט געוווּסט, פאַרוואָס זי איז צופרידן, צי פון דעם, וואָס זי זעט גאָכעמען, וואָס ער שטייט איר א ווײַלע פאַר די אויגן און איר ווילט זיך וואַרפן זיך צו אים, צי פון דעם, וואָס אין כאַיִמען קען מען דערזען גאָכעמען? לאַנג דויערט אָבער ניט דער ערשטער אײַנדרוק, דערמאַנט דערזעט זי, וואָס אין די ברידער איז ענלעך און וואָס ניט.

הײַנט זי איז נאָר געקומען פון דער אַרבעט און האָט נאָך ניט באַוויזן די טיר צומאַכן, האָבן זי מוישע און ראָכל באַגעגנט.

— פאַראַן בילעטן אין טעאַטער.

— אין טעאַטער? — איר האָט אין דער מינוט זיך געדוכט, אַז דאָס וויל מען זי אויספּרוּוון. מע וויל וויסן, צי זי האָט פאַר־

געסנ נאָכעמענ, אונ צי וועט זי זיכ גלײַכ אָנ דעמ אָנכאַפּנ. — אינ טעאַטער? — האָט זי איבערגעפרעגט, — איכ בינ שוינ אַזוי לאַנג ניט געווענ אינ טעאַטער, אַז עס ציט מיכ ניט.

— פאַרוואָס זאָלסטו ניט גײנ?

זי האָט באַשלאָסנ ניט צו גײנ. דאָס הײסט ניט, אַז זי וועט מער קײנמאָל אינ ערגעצ ניט אַרויסגײנ, ניט זײַנ אינ טעאַטער. זי איז אַ לעבעדיקער מענטש, דערווײַל ציט זי ניט, אונ באַזונדערס, ווײַל מוישע מיט ראָכלענ, וועלכע סוידענ זיכ אַזויפיל, זײַנענ פאַר־רינגטערעסירט, אַז זי זאָל יאָ גײנ.

— סאָניע, — האָט געזאָגט כאַימ, — איכ האָב בילעטנ אינ טעאַטער. אַלײנ גײנ מיט צוויי בילעטנ איז אַי אומעטיק אַי נאַריש, קומט מיט מיר. אָדער פאָשעט — באַגלײט מיכ.

זי האָט אָפּ אימ געקוקט אונ קימאַט ניט געזענ אינ אימ נאָ־כעמענ. זי זעט נאָר כאַימענ. זי איז אומצופרידנ, אָבער ניט באַ־גלײטנ צומ טעאַטער — ווי קענ זי? דאָס וואָלט הײסנ באַלײדיקנ אַ מענטשנ. פאַרשטײט זיכ, אַז זי וועט באַגלײטנ, נאָר אַז נאָכעמס ברודער, וואָס איז געקומענ פונ בראָנט אַ פאַרווונדעטער, בעט, אָדער גײנ אינ טעאַטער אָדער באַגלײטנ, אונ זי קלײַבט אויס באַגלײטנ— צי איז עס ניט קײנ באַלײדיקונג? פאַרוואָס קומט כאַימענ באַ־לײדיקנ?

כאַימ מיט סאָניענ זײַנענ אַוועק אינ טעאַטער.

אינ דרויסנ איז געווענ וואַרעמ אונ ליכטיק. סאָניע האָט געפירט כאַימענ אונטער דער האַנט, אָפּט געכאַפּט אַ בליק, ווי זעט אויס כאַימס גאַנג.

ביזנ טעאַטער האָבנ זײ געשוויגנ. אינ טעאַטער האָבנ זײ פאַר־נומענ זײערע ערטער. דער פאָרהאַנג האָט זיכ אופגעהויבנ. סאָניע האָט געקוקט אָפּ דער סצענע, די האַנט האָט זי געהאַלטנ אָפּ דער פאַרענטשע פונ שטול. פּלוצלינג האָט זי דערפילט, אַז אָפּ איר האַנט ליגט כאַימס האַנט, אַ הײסע אונ אַ ציטערנדיקע. אַ האַנט, וואָס פרעגט אונ וואָס זוכט אַנ ענטפער. זי האָט איר האַנט צוגענומענ, זי האָט זיכ אָפּגערוקט צומ ברעג שטול. אַז עס איז געוואָרנ ליכ־טיק, האָבנ זײ ניט געקענט קוקנ אײנער אָפּנ אַנדערנ. כאַימ האָט זיכ געפילט שלעכט אונ שולדיק. ער האָט עס גאָר פריער אינ זינענ ניט געהאַט. וויאַזוי האָט זיכ עס באַקומענ? אינ אַזוינע זאַכנ איז

ער נאָכ גאָר א יִנגל. און ער האָט געמיינט, אלצ ווייסט ער, אלצ פארשטייט ער, ניטאָ אימ מיט וואָס צו איבעראשנ. שוויַגנ איצט איז פונקט אזוי יִנגלש און נאריש.

— סאָניע, — האָט ער געזאָגט, — ווענ האָט איר באקומענ דעמ לעצטנ בריוו פונ נאָכעמענ?

עס האָט גענומענ טונקל ווערנ אינ זאל. כאִימ האָט זיכ צו איר אָנגעבויגנ און געזאָגט:

— אנטשולדיקט, סאָניע.

פונ יענעמ אָוונט האָבנ זיכ סאָניע און כאִימ געפילט געענגט אינ איינ שטוב. ביידנ האָט זיכ געגומענ דוכטנ, אז די מאמע מיטנ טאטנ האָבנ איצט איינ פארלאנג: זיי כאסענע מאכנ. דערפאר סוידענ זיי זיכ אזויפיל. סאָניע שלאָפט אמאָל ניט באנאכט, זי טראכט, זי זאָל וועלנ זיַנ אָביעקטיוו, קענ זי פארשטיינ אזא פארלאנג. ווענ זי זאָל זיכ קענענ שטעלנ פונ דער זיַט און באטראכטנ זיכ און כאִימענ, ווי זיַטיקע מענטשנ, וואָלט זי געקאָנט זאָגנ, אז אזא פארלאנג פונ עלטערנ איז עפשער ניט קיינ אומגערעכטער. נאָר כוצ דעמ, וואָס זי וועט אפ אזוינס ניט איַנגיינ, פארדריסט איר די קלוגשאפט פונ דער מאמענ, וואָס וויל זי איבערקליגנ און מיינט זי אזוי בּיסלעכווײַז צוגעווינענ צו כאִימענ. איר וואָלט צומ הארצנ געווענ, ווענ מע זאָגט איר פראָסט און פּאָשעט: נאָכעמ איז אומגעקומענ און וועט צו דיר מער ניט קומענ. אייביק א מיידל וועסטו ניט פארבליַבנ. דאָס איז קעגנ דער נאטור. נאָכ א יאָר, נאָכ א יאָר... נאָכעמ וועט פארגעסנ ווערנ, אנ אנדערער וועט קומענ, ציאיז ניט גליַכער, אז דאָס זאָל זיַנ נאָכעמס ברודער...

פארשטייט זיכ, אז ס'איז נאריש צו מיינענ, אז זי, סאָניע, קענ אפ אזוינס איַנגיינ. נאָר פארוואָס וויל די מאמע זי איבערקליגנ, עפּעס ווי אָפּנארנ? פריִער צוגעווינענ און דערנאָכ איַנריידנ. וואָס איז זי א קינד? זי פילט א פארדרוס אפ דער מאמענ.

אינ טעג ארומ האָבנ צו איר אָנגעקלונגענ עטלעכע כאווערטעס. צו זיי איז דערגאנגענ, האָבנ זיי געזאָגט, אז נאָכעמ איז געקומענ, זיי ווייסנ, אז זי איז שוינ מיט אימ געווענ אינ טעאטער, זיי באגריסנ זי.

— ביסט א מאזלדיקע, סאָניע, א מאזלדיקע!

אינ יענעמ טאָג איז סאָניע אריבער צוריק צו זיכ אינ צימער.

# 8

טאטע-מאמע האָבנ אָפּט געטראַכט וועגנ כאַימענ אונ סאָניען. ווענ זיי האָבנ כאַסענע... דעמלט איז אָט וויביידע זינ וואָלטנ געבליבנ. דעמלט וואָלט נאָכ געווענ א לעבנ אונ א האָפּענונג.

די מאמע האָט פארשטאַנענ, אז סאָניענ קענ אזוינס באַליידיקנ. סאָניע איז א מיידל מיט כאראקטער, די מאמע פארשטייט אָבער אויכ, אז אייביק וועט סאָניע ניט בלייבנ אליינ, דער איבערבראָכ קענ אָנקומענ פּלוצלינג, אומדערוואַרט, אונ עס וועט זיינ שפּעט. די מאמע פילט, אז מיט סאָניענ בלייבט איר שטוב ווי געווענ, ווי אמאָל.

צוויי וואָכנ נאָכאַנאַנד איז סאָניע ניט געקומענ. אינ שטוב זיינענ אלע ארומגעגאַנגענ אומצופרידענע, ווי בערוגעזע איינער אפּנ אנדערנ. פארוואָס איז זי אוועק, ווער איז שולדיק?

גיינ צו איר וועט אָבער קיינער ניט, אונ ווי אלעמאָל ווענ מע איז אומצופרידנ, זוכט מענ אפּ ווער מענ די אומצופרידנקייט ארופּווארפנ, האָט מענ אלצ ארופּגעוואָרפנ אפּ סאָניענ. א נאריש מיידל, וואָס איז איר אָנשטעל? זי איז א שיינע — נו, איז וואָס?

נאָכדעמ איז דער פאַרדראָס געוואָרנ גרעסער, דעריבער האָט מענ געפילט די נייטיקייט טראַכטנ וועגנ איר ערגער. זי איז אוועק— זי וויל כאַסענע האָבנ, אזוי גיכ פארגעסנ נאָכעמענ...

קיינער וועט צו איר ניט גיינ, זאָל זי אליינ קומענ. אונ דאָכ איז די מאמע אוועק צו סאָניענ. סאָניע האָט זי ארומגעכאַפּט קושנ, זי האָט זיכ געפילט שולדיק. זי האָט אפילע ניט געהאַט מיט וואָס פארענטפערנ איר אוועקגיינ. כאַיוערמעס האָבנ געקלונגענ אונ באַגריסט — א נארישקייט. איצט דוכט זיכ איר, אז אפילע פאר זיכ אליינ איז עס קיינ ענטפער ניט. אָדער עפּשער דערפאר, ווייל כאַימ האָט איר האנט אָנגענומענ? זי פארשעמט זיכ פאר זיכ אליינ. דאָס הייסט געדענקענ נאָכעמענ? זי שטייט פאר דער מאמענ, ווי א שולדיק קינד, וואָס רויטלט זיכ אונ קענ גאָרניט זאָגנ. די מאמע האָט אפילע מיט קיינ וואָרט ניט דערמאָנט אונ ניט געגעבנ אָנצוהערנ, אז זי איז אומצופרידנ, אז איר פארדריסט. זי האָט נאָר געזאָגט:

— טאָכטערקע, איכ האָב זיכ פארבענקט.

זי האָט גענומענ אויספרעגנ, וואָס סאָניע מאכט, ווי זי פילט זיכ.

— כ'ווייס אליין ניט, מאמע, ווי איך פיל זיך. איך האָב אויך שטאַרק געבענקט.

— דו טוסט אַזוי... קעדיי בענקען, ביסטו פונדערוויַיטן.

— מאמע, איך קען איצט אַנדערש ניט, איך קען ניט...

סאָניע איז צו די עלטערן אַלץ ניט געקומען. אַמאָל האָט זיך איר געדוכט, אַז זי טוט עס, ווייל זי שעמט זיך איצט זיך באַוויַיזן. זי ווייסט ניט וויסן מיט וואָס פאַרענטפערן איר ניט קומען, איר האָט זיך געדוכט, אַז כאָטש ווערט זיך פילן ניט גוט, אויב זי וועט קומען. נאָר אָפטער פון אַלץ האָט זיך איר געדוכט, אַז זי האָט פּאַשעט מוירע צו קומען, פאַר עפּעס שרעקט זי זיך.

דערוויַיל האָט זיך כאָטש ווידער געגרייט איין ווען אַריין. ער איז געזונט און פאַרט ווידער אַפּן פראָנט. סאָניע האָט געפילט, אַז זי מוז אַריַינגיין. זי האָט אָפּגעלייגט פון טאָג צו טאָג, ביז כאָטש איז אַליין געקומען. ער האָט געשפּאַסט.

— איך האָב ניט געוווּסט, סאָניע, אַז מיַין אייגן האַנט קאָן אַזוי איבערשרעקן. איך בין זיך געקומען געזעגענען...

סאָניע האָט געפילט, אַז די רויִקייט און דאָס שפּאַסן גייט זיך אים ניט גרינג, ער האָט געוויס גאַנצע טעג געטראַכט, ווי ער זאָל זיך מיט איר האַלטן און וואָס זאָגן. ער האָט געוויס לאַנג געטראַכט, צי ער זאָל בּיכלאַל קומען צו איר.

זי האָט זיך געפילט ניט גוט מיט כאָטשן.

— סאָניע, טאַטע-מאַמע בלײַבן אַליין, איצט, אַז איך וועל ניט זיַין, וועט איר געוויס צו זיי אַריַינקומען, זיי זיַינען איינגאַנצן אַליין.

זי האָט ניט געוווּסט וואָס צו ענטפערן, זי האָט פאַרשטאַנען, אַז דער איקער אין זיַינע רייד איז ניט, אַז זי זאָל אַריַינקומען צו זיַינע עלטערן, דער איקער איז דאָס, וואָס אַז ער וועט ניט זיַין, וועט זי קענען אַריַינקומען... זי האָט געוואָלט זיך מאַכן ניט פאַר־שטייענדיק, זי האָט געזאָגט:

— געוויס וועל איך קומען, אָפט קומען. — זי קען אָבער ניט אויסבאַהאַלטן. וואָס זי מיינט, דאָס זאָגט זי. — אַנטשולדיקט, כאָטש, איר דאַרפט זיך אָפּ מיר ניט באַליידיקן. איר פאַרשטייט... איר זיַיט אָפּט ענלעך אָפּ נאָכעמען, איך קען ניט...

— איך בין אַלעמאָל ענלעך אָפּ זיך אַליין.

— עס ווענדט זיך פאַר ווּעמען.

— פאר אײַכ?

— גײנ.

זיי זײַנענ אינגיכנ צוזאמענ אוועק צו די עלטערנ. אינ אַ פּאָר טעג ארומ האָט זי באגלייט כאימענ צומ צוג. זי האָט זיכ מיט אימ געזעגנט, געקושט.

זי האָט אימ עפּעס געוואָלט זאָגנ, זי האָט אימ געוואָלט זאָגנ, אז זי וועט אָנ אימ גערענקענ, אז זי וועט אָפּט קומענ צו זײַנע עלטערנ, אז ער זאָל שרײַבנ בריוו. זי האָט גאָרניט געזאָגט.

9

ס'איז געווענ הארבסט. אלע טאָג איז סאָניע מיט די בולווארנ געגאנגענ צו די עלטערנ אונ אלע טאָג געווארט אפ בריוו. סאָניע האָט ליב דעמ הארבסט, ווענ ער איז נאָכ זוניק, ווענ די לופט איז דורכגעזאפּט מיט רײַפקײַט, ווענ די בלעטער אפנ בוימ זײַנענ שוינ באזוימט מיט געל. זי האָט ליב אויכ, ווענ א געלער בלאט נעמט זיכ דרייענ אינ דער פארנאכטיקער לופט אונ לייגט זיכ איר צו די פיס, זי זעצט זיכ אפ א באנק אונ וויל טרעפנ: איר באזונדער וועט כאימ שרײַבנ? געוויס ניט, זי האָט מיט קיינ זאכ ניט פארדינט, ער זאָל איר שרײַבנ.

עס האָבנ גענומענ אָנקומענ פונ כאימענ בריוו פונ ווענ. פאר איר איז אינ די בריוו געווענ א גרוס. די גרוסנ זײַנענ ווי אפ אָפּ־צוקומענ, ווי א זאכ, וואָס מע מוז, ווײַל אזוי פירט זיכ די וועלט. איר האָט עס פארדראָסנ.

ערעוו די אָקטיאבער־יאָמטויווימ איז סאָניע שפּעטלעכ געקומענ אהיימ, זי איז געווענ מיד אונ הונגעריק, זי האָט אפגיכ אָפּגעגעסנ אונ זיכ געקליבנ לייגנ אינ בעט ארײַנ. א שאָכנטע האָט איר ארײַנ־געטראָגנ א בריוו.

די בריוו איז געווענ פונ כאימענ.

זי האָט זיכ ניט געײַלט די בריוו עפּענענ. זי האָט אוועקגע־לייגט די בריוו אפנ טיש אונ ארופגעלייגט אפ איר ביידע הענט. זי איז אופגערעגט, זי מוז זיכ פריער בארויקנ. איר פארלאנג באקו־מענ פונ אימ א בריוו איז באפרידיקט. זי וויל זיכ אָנשטויסנ, וואָס אינ בריוו איז געשריבנ. עפּשער ניט מער ווי א גרוס, אזא ווי אינ

די בריוו צו זײַנע עלטערן. דער נײַגער אין איר שטײַגט. זי וויל טייקע וויסן, וואָס דאָרט איז געשריבן, נאָר עפּשער זאָל זי זיך טאָן א צולאָכעס און זיך אָפּהאַלטן? זי קען זיך ניט באַהערשן. אירע ציטערדיקע פינגער נעמען פאַנאַנדער דעם צונויפגעלייגטן דרײַעק. זי לייענט:

ער וואָלט זיך וועלן באַנוגענען מיט א גרוס אין די בריוו צו זײַנע עלטערן, ער איז א מענטש, וואָס קען זיך באַהערשן. ווען ער זאָל ניט פאָרן אף מילכאָמע, פונוואַנען מע קען אמאָל צוריק ניט קומען, וואָלט ער עפּשער אזוי גיך ניט געשריבן. ער ווייסט, אז זײַן בריוו וועט זיך אָנשטויסן אף א וואַנט. ער שרײַבט, ניט ווײַל ער וויל די וואַנט דורכברעכן. ניין, ער איז בא זיך ניט גענאַרט, ער פאַרשטייט א ביסל סאָניען, ער פאַרשטייט, אז קעדיי מיט איר זאָל עפּעס געשען, מוז זי שטאַרק פאַרכאַפּט ווערן, פאַרלירן כאָטש אף איין מינוט דעם קאָפּ. זי מוז דערטרונקען ווערן אין א שטאַרקערן פון זיך. ווי ער פאַרשטייט, איז ער ניט דער, וואָס קען אזוי ווירקן, אָבער שרײַבן מוז ער. פאַראַן געפילן, וואָס מע קען אויסלעבן מיט דער ביקס. דעם געפיל פון ליבע אָבער ניט.

ער האָט זי ליב, אָבער ניט דערפאַר שרײַבט ער צו איר, ער האָט פּאָשעט ניט צו וועמען וועגן דעם צו שרײַבן. זי איז די איינציקע. ער מוז שרײַבן, זי דאַרף אים מיטפילן און פאַרשטיין. ער איז פאַרליבט, ער האָט פאַרלאָרן די רו, ער האָט זיך אַליין פאַרלאָרן... ער לעבט מיט איר אויסזען און מיט איר אָנדענק, זאָל זי אים אנטשולדיקן, מער וועט ער ניט שרײַבן, ער וועט זיך סטאַרען באַהערשן, נו, אָט דאָס, סאָניע, איז אַלץ... אַלץ, וואָס הייסט כאַיִם.

זי האָט זיך ניט געקענט באַהערשן פון אויפרעגונג, זי האָט נאָכאַמאָל געוואָלט לייענען און ניט געקענט. לאַנג האָט זי נאָכדעם ניט געקענט אײַנשלאָפן. איר איז געווען גוט.

דערנאָך איז זי אײַנגעשלאָפן. נאָר אינגיכן האָט זי זיך אופגעכאַפּט, ווי עמעצער וואָלט איר געוועקט. זי איז געווען אומרויִק, נאָר ניט געוווסט פון וואָס, זי האָט זיך געוואָלט דערמאָנען, פאַרוואָס זי איז אומרויִק און וואָס האָט איר פון שלאָף אופגעוועקט? זי האָט זיך דערמאָנט און זיך אופגעזעצט, „ער האָט פאַרלאָרן די רו, ער האָט זיך אַליין פאַרלאָרן". ער איז אף מילכאָמע און האָט פאַרלאָרן די רו... זי איז שולדיק! פאַרוואָס האָט זי אים ניט גע-

זאָגט כאָטש איין וואָרט אף בארויִקן? פארוואָס האָט זי אים ניט געגעבן קיין פּיצעלע האָפענונג אף אמאָל, אף שפּעטער? א מענטש אף מילכאָמע...

עס האָט איר אף זיך פארדראָסן. צי לעבט זי ניט נאָר מיט זיך? צי איז כאִמען ניט נייטיק איר ווארעמ וואָרט אף שלאָגן דעם סוינע? צי איז כאִמען ניט נייטיק זײַן רויִקײַט אף זיך אויס־צוהיטן פון א קויל?

זי האָט זיך ווידער געלייגט און ווידער געזעצט. זי אליין האָט פארלאָרן די רו. איר איז פאר די אויגן אופגעקומען דער שלאקס־רעגן פון כאִמס בריוו. וואסער־שלאנגען שמײַסן אים און ווילן אים צעטרעטן. זי, סאָניע, האָט זיך אף אים ארופגעוואלגערט, ווי זײַן פארווונדעטער קאָמאנדיר. ער טראָגט זי אף זיך, ווי א טויטן קער־פּער. ער וויל פילן, צי דער קערפּער לעבט, צי ער אָטעמט? ער וועט פאלן פון די פיס, און זי האָט מיט קיין איין ווונק ניט ארויס־געוויזן, אז זי לעבט, אז זי אָטעמט, אז איר הארץ קלאפּט. זי דער־פילט דעם שלאקס־רעגן איבער זיך, דאָס וואסער פארשווענקט זי, עס דונערט איבער איר.

זי האָט מער ניט געקענט אײַנשלאָפן.

אף מאָרגן האָט זי געקלונגען צו זײַנע עלטערן. זי האָט באקו־מען א בריוו פון כאִמען. ער בעט זיי גריסן. נאָך דער ארבעט איז זי אליין געקומען און נאָכאמאָל איבערגעכאזערט, אז די בריוו איז א הארציקע, ער בעט זיי גריסן. טאטע־מאמע האָבן פון בײַגער ניט געקענט אײַנזיצן אף אן אָרט. פארוואָס גיט זי ניט לייענען די בריוו? צי דען וועט זי זי אוועקטראָגן מיט זיך? דער טאטע האָט ניט געפונען קיין ווערטער, וויִאזוי איר געבן אָנ־צוהערן. די מאמע האָט אָבער געפונען אן אייצע.

— טאָכטערקע, האָסט די בריוו פארגעסן מיטנעמען?

— ניין, ניט פארגעסן.

סאָניע איז געווען זיכער, אז אזא בריוו איז נאָר פאר איר. אזא בריוו ווײַזט מען ניט, נאָר באלד האָט זי א צווייט געפיל ארומגעכאפּט: ביז איצט האָט מען איר נאָר געשריבן א גרוס, א גרוס אף אָפּקומען, און איצט שרײַבט מען צו איר.

— אָט איז די בריוו!

זיי האָבן זיך אף דער בריוו ארופגעוואָרפן, ווי א דאָרשטיקער אף

וואסער. די בריוו אינ זייערע הענט האָט געשפּרונגענ, ווי א לעבעדיקע. זיי האָבנ זיך ניט באַגוגנט מיט איינ מאָל לייענענ אונ געלייענט נאָכאמאָל. בא דער מאמענ האָבנ געציטערט די ליפּנ, עס האָט זיך געדוכט, אז זי אינגאנצנ ווארפט זיך ווי אנ אומרו, זי' וויל עפּעס זאָגנ, נאָר קענ ניט, זי וויל עפּעס בעטנ אונ ווייסט ניט וויאזוי. נאָכדעם איז זי צוגעגאנגענ צו סאָניענ אונ מיט מאמישער הארציקייט אונ ווייכקייט געזאָגט:

— טאָכטער, האָב אים ליב.

.1945

---

# אינהאלט



---

Обложка худ. *Г Ингера.*


Редактор *Б. Кошик.* Техредактор *Ф. Фрумкина.*

Подписано к печати 18/II-48 г. Б—00208. Печатн. листов 11,75. Уч.-изд. 8,43.
Тираж 5.000 Заказ 165. Цена 4 руб. 50 к. Формат 82x108/32.

Типография Госиздательства „Дер Эмес", Москва, Старопанский пер., 1.